# טאָלסטאָי, ניעטצשע

—און—

# קארל מארקס

א פאָרלעזונג

פ ו ן

**דר. ח. זשיטלאָווסקי**

קאָמיטעע פאר דער ארויסגאבע פון
דר. ח. זשיטלאָווסקי'ס שריפטען
ה. מינדלין, טרעזש.
**H. MINDLIN, 122 BOWERY, NEW YORK.**
**New York 1915.**

# טאָלסטאָי, ניעטצשע און קאַרל מאַרקס

חברים און פריינד!

היינט אָוונד דאַרף איך ליי‏ענען פאַר אייך וועגען טאָלסטאָי „און" וועגען ניעטצשע „און" וועגען קאַרל מאַרקס.

איהר פערשטעהט אַליין, אַז אין דער קורצער צייט, וואָס איך קאָן מיר נעהמען פאַר אַ לעקציע, איז בשום אופן ניט מעגליך צו פיהרען אייך איבער אַלע זאַלען, חדרים און קעמערלעך פון זייערע פּאַלאַצען און אַנווייזען אייך אויף אַלע גייסטיגע אוצרות, וואָס זיי האָבען אָנגעזאַמעלט אָדער אַליין בעשאַפען פאַר דער פּראָגרעסיווער מענשהייט.

אפילו, ווען איך וואָלט מיר אוועקגעשטעלט פאַר אַ ציעל — אָנשטאָט אויסצומאָלען פאַר אייך פּאָרטרעטען אין לעבענס־גרויס, געבען אייך יענע פערקלענערטע קאָפּיעס, וואָס מען רופט „מעדאַ־ליאָן־בילדער", וואָלט איך אויך ניט געקאָנט פאַרטיג ווערען מיט מיין ארבייט אין איין אָוונד, אויב איך זאָל ניט ארויסלאָזען פון זינען דעם תנאי, אַז אַלע וויכטיגסטע שטריכען פון זייער גייסטיגער פיזיאָנאָמיע טאָרען ניט פערלירען זייער נאַטירליכע פּראָפּאָרציע און מוזען אין פערקלענערטער פאָרם ארויסרופען אין אייך אַ לעבעדיגע געשטאַלט פון זייער גאַנצען גייסטיגען שאַפען.

אַזעלכע מעדאַליאָן־בילדער צו מאָלען, דערצו דאַרף מען שוין האָבען אַ קינסטלער פון אַן אמת געבענשטער האַנד, און איך מוז מיך פערשעהמטער־הייד מודה זיין, אַז די ארבייט איז גאָר ניט לפי מיינע כחות.

דאָס ווערטעל „און" אין דעם טיטעל פון מיין היינטיגער לעקציע האָט דעריבער אַ גאַנץ אַנדער בעדייטונג. ניט דאָס, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט בעשאַפען בעזונדער, אָהן אַ שייכות צו דער ארבייט פון דעם אַנדערן, זאָל איך אייך איינציגווייז שילדערן.

דאָס ווערטעלע „אוּן“ האָט דאָ דעם טייטש פון „פערגליכען“: טאָלסטאָי, פ ע ר ג ל י כ ע ן מיט ניעטצשע, פ ע ר ג ל י כ ע ן מיט מאַרקס. איך וויל פּרובען היינטיגען אָוועגד ניט מעהר ווי פערענטפערען קודם כל די פראַגע: אין וועלכע וויכטיגע פּונקטען פון אונזער וועלט־ און לעבענס־אַנשויאונג געהען זיך די דריי דענקער צונויף אין איינעם און אין וועלכע געהען זיי זיך פאַנאַנדער. אמת, ווען די פראַגע וועט — אין איהרע וויכטיגסטע שטריכען — פערענטפערט ווערען פאַר אונז, וועט יעמאָלט אַרויסוואַקסען אַ נייע בעדייטונג פון דעם ווערטעלע „אוּן“, — אַ טיעפערע און ערנסטערע; אָבער דאָס וועלען מיר שוין זעהן שפּעטער.

טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס זענען דענקער פון דעם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט. אָבער דאָס מוזען מיר גאָר פון אָנהויב זאָגען, אַז זיי זענען גאַנץ זיכער ניט די טיעפסטע און ניט די אָריגינעלסטע פון יענע גייסטער, וואָס דער עבר'דיגער יאָהרהונדערט האָט אַרויסגעבראַכט. וואָלט איך געוואָלט אויסקלייבען ניט מעהר ווי דריי נעמען, וואָס זאָלען כאַראַקטעריזירען די אַרבייט אויף דעם פעלד פון דעם מענשליכען דענקען און פאָרשען, וועלכע יענער יאָהרהונדערט האָט אויפגעטהאָן, וואָלט קאַרל מאַרקס — אַז מען זאָל זיך שטאַרק דינגען — נאָך אפשר אויך אַריינגעגאַנגען אין זיי, אָבער בשום אופן ניט טאָלסטאָי, בשום אופן ניט ניעטצשע. אַ פּאָר טוץ אַנדערע נעמען וואָלטען מיט מעהר רעכט געקאָנט אַרויסשטעלען זייער קאַנדידאַטור פאַר דעם דאָזיגען עהרענהאַפטען פּלאַץ. איך האָב אָבער אויסגעקליעבען טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס, ווי פערטרעטער פון דעם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט, מחמת איינגע, ווי מיר דוכט, זעהר וויכטיגע טעמים.

קודם כל מוז מען צוגעבען, אַז פון אַלע נעמען פון דעם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט האָט קיינער ניט געהאַט אַזאַ ווייט פערברייטעטען קלאַנג, און וואָס עס איז נאָך וויכטיגער: קיינער פון זיי האָט ניט געפונען אַזאַ הילכיגען אָבקלאַנג, ווי גראָד די נעמען פון טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס.

דאָס אַליין וואָלט, אמת, געווען אַ קנאַפּע מעלה. ווענינ־

סטענס, וואָלט דאָס געווען א מעלה, וואס איז פערבונדען מיט א גרויסען חשד: גראָד יענע פיגורען, וואָס האָבען צו א געוויסער צייט געהאַט דעם גלענצענדסטען מזל ביי דעם גרויסען געבילדעטען עולם, האָבען זיך דאָס רוב ארויסגעשטעלט פאַר גאַנץ אויבערפלעכ־ליכע דענקער, און דעם גלאַנץ פון זייער כבוד האָבען זיי פערדיענט דוקא דורך זייער אויבערפלעכליכקייט, דוקא דורך דעם, וואָס עס איז געווען אזוי לייכט צו פערשטעהן זייער שטרעבען. אזא בע־ריהמטקייט דויערט אָבער ניט לאַנג און ווי שנעל זי ווערט געפונען, אזוי שנעל ווערט זי צורונען. איך וויל אייך דערמאָהנען אָן א פּאָר ביישפּיעלען. ווער וויים ניט, צ. ב., וועגען דעם ליארעמ־דיגען קלאַנג, מיט וועלכען דער נאָמען פון א לודוויג ביוכ־נער האָט זיך אין די זעכציגער יאָהרען געטראָגען איבער דער גע־בילדעטער, פּראָגרעסיווער וועלט? און פיעלע פון אייך געדענקען נאָך אפשר די רוישענדע בעגייסטערונג, מיט וועלכער די רוסישע יוגענד האָט אויפגענומען א דמיטרי פּיסאַרעוו. ווי א שטרוי־פייער האָט זייער בעריהמטקייט פּלוצלונג אויפגעפלאַקערט צום הימעל און איז ווי א שטרוי־פייער באַלד אויסגעברענט, צו־נויפגעפאַלען אין זיך און איבערגעלאָזען א קליין בערגעלע אש. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל קולטור־טרעגער, ווי ביוכנער און פיסאַרעוו, זענען ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיגע דענקער, נאָר אויפקלעהרער, — און נאָך דערצו אזעלכע אויפקלעהרער, וועלכע האָבען זיך נאָר וואָס ארויסגעריסען פון דעם מיטעל־אַל־טערליכען חושך, וואָס האָט נאָך געהערשט ביי א גרויסען טהייל פון דער געבילדעטער געזעלשאַפט. ארויס פון דער פינסטערנים, איז זייער אויג געוואָרען געבלענדעט דורך די שאַרפע שטראַהלען פון דעם ראַדיקאַלען געדאַנק, און די גאַנצע וועלט פון דעם מענש־ליכען פרייען פאָרשען מיט אַלע זיינע בערג און טהאָלען, אייביגע אייזיגע גלעטשערם און טיעפע, ניט אויסצומעסטענדע אָבגרונטען, האָט זיך אין זייער מוח פערוואַנדעלט אין איין גרויסען ליכטיגען העלען שיין, וואו אַלץ איז קלאָר און גלאַט, וואו דער מענשליכער געדאַנק קאָן ווי א פייל פון בויגען פליהען אָהן אן אויפהער, אָהן אן אָבהאַלט אין איין איינציגער גלייכער ליניע. יענע ליניע, דער נייער וועג, מיט וועלכען זיי זענען געקומען צו דעם יונגען דור,

האָט געזאָלט איהם אוועקפיהרען ווייט ווייט פון די אַלטע אָבגע־טער און אָבערגלויבענס און אריינפיהרען איהם גלייך אין דעם ליכ־טיגען גן־עדן פון דעם ראַדיקאַלען אַבסאָליוטען אמת.

די ווירקונג פון אַזעלכע גייסטער איז אָבער בעשטאַנען ניט אין דעם, וואָס זיי האָבען אויסגעפונען נייע וועגען פאַר דעם מענש־ליכען דענקען, לייכטער געמאַכט זיין מיה און פיין און געבראַכט איהם נעהנטער צום ציעל. די מאַגנעטישע קראַפט זייערע איז געלעגען אין דעם, וואָס זיי האָבען דעם יונגען דור אַרויסגעשלעפּט פון דעם פינסטערען חושך, וואָס זיי האָבען פאַנאַנדערגעשניטען די שטריק, מיט וועלכע די יונגע פליגלען זענען געוועזען געבונדען, און אויסגעלערענט איהם פליהען, זיך פערלאָזענדיג אויף דער איי־גענער קראַפט. כל זמן אין די מוחות פון דעם יונגען דור האָט נאָך געלעבט די עראינערונג פון דעם אַלטען פינסטערען קעללער, וואו מען איז געזעסען מיט פערבונדענע פליגלען, האָט מען אויף די ביוכנער'ס און די פיסאַרעוו'ס געקוקט ווי אויף מעכטיגע אָד־לערס, ווי אויף גאָט־געזאַלבטע הערשער אין דעם קעניגרייך פון דעם מענשליכען פאַרשען. אָבער וויבאַלד די אַלטע עראינערונג איז פערשוואונדען געוואָרען, ווי באַלד דאָס פרייע פליהען איז געוואָרען אַ צווייטע טבע, ווי באַלד דער יונגער דור האָט זיך באמת אַ לאָז געטהאָן אין דער הויך און אין דער ווייט, — אַזוי האָט זיך פאַר זייער גייסט אויסגעשפּרייט די ווירקליכע וועלט פון דענקען, מיט אַלע זיינע שווערע און הארטע פּראָבלעמען, מיט די איביגע אייז־בערג, וואָס פערצאַמען פלוצלונג דעם האָריזאָנט, מיט די איביגע אָבגרונטען, וואָס ציהען דעם מענשליכען גייסט מאַגנע־טיש אין די טיעף... ווייט־ווייט זענען יעמאָלט די „אָדלערס" גע־בליבען צוריק, פער'יתום'טע און פערגעסענע.

ניין, ניט צו דעם מין בעריהמטקייט געהערט די בעריהמט־קייט פון אונזערע דענקער. זיי זענען ניט געוועזען קיין „אויפקלערע־רער", ניט קיין שקלאַפישע תלמידים פון אַ וועלכען עס איז ראַ־דיקאַלען סיסטעם, נאָר זעלבסטשטענדיגע ארבייטער, וואָס האָבען אַליין אויסגעוועהטיגט די אמת'ען, צו וועלכע זיי זענען געקומען. די פליעגלען פון זייער גייסט זענען — אויב מען זאָל ניט רעכענען די ערשטע קינדער־יאָהרען — קיינמאָל ניט געוועזען געעפּנטעט מיט

די שטריק פון דעם אַלטען גלויבען, און דאָס פרייע דענקען איז ביי זיי געווען ניט די צווייטע טבע, נאָר די ערשטע. זיי זענען אַליין גוט געווען בעקאַנט מיט די „חבלי־לידה“ פון דעם גייס־טיגען פאַרשען, מיט די יסורים פון טראָגען און האָבען, און פון זייערע ווערק האָט קיינער ניט בעקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס גייסטיגע פאַרשען איז אַ שפּאַציער־גאַנג איבער אַ צוגעפּוצטען פּאַרק, מיט אויסגעטראָטענע אַלעען, שעהן צוגעשאָרענע ביימער, געשמאַקפולע אויפגעצויגענע בלומען און ליעבליך־מורמלענדע פאָנ־טאַנען; נאָר אַז דאָס מענשליכע פאַרשען איז אַ ראַנגלען־זיך און קעמפּפען מיט אַ פערוואַקסענער ווילדערניש, מיט גיפטיגע זומ־פּפען, מיט ווילד־צונויפגעוואָרפענע פעלזען.

פערשיידען איז דער ס ט י ל פון די דריי מענער, אין וועל־כען זיי דערלאַנגען אונז די רעזולטאַטען פון זייער דענקען און פאָר־שען. דונערדיג און בליציג, מיט פּלוצים'דיגע אויסברוכען פון פייער־צונגען ביי ניעטצשען. שווער אָנגעלאָדען, אַזוי ווי איינער וואָלט געהן בארג אַרויף מיט אַ דריקענדער משא אויפ'ן רוקען, אָבער מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט זיכערע שריט בעוועגט זיך לאַנגזאַם מאַרקס' געדאַנק. ער געווינט אַ פּאָזיציע נאָך אַ פּאָזיציע, ביז ער פיהרט אונז אַרויף צו יענעם העכסטען פּונקט, פון וועלכען עס אַנטפּלעקט זיך מיט אַ מאָל פאַר אונזער אויג דער וויטער האָריזאָנט פון זיין פאָרשען. אָהן אַ ברעקעל גראַציע, אָהן אַ וועלכער עס איז קינסטלערישער אָדער וויסענ־שאַפטליכער פּרעטענזיע, מיט אַ מאַסע בילדער פון לעבען, מיט דער געווינענדער איבערצייגונג פון דעם שכל הישר, ד ע ר צ ע ה ל ט אונז טאָלסטאָי זיינע געדאַנקען, מ אָ ל ט ער אונז א ו י ס זיין לאָגיק און זיינע אַרגומענטען, אַזוי איינפאַך און קלאָהר, אַז עס דוכט זיך, אַפילו אַ קינד קאָן איהם לייכט פערשטעהן. און פון דעסטוועגען פיהלט איהר, ווען איהר בעטראַכט זייערע וועלט־אַנשויאונגען, ווי אַ גאַנצע, אין זיך געשלאָסענע געדאַנקען־וועלט פאַר זיך, אַז אַפילו ביי טאָלסטאָי'ען מוזט איהר אָנשטרענגען — אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען — אַלע מוסקלען פון אייער שכל, אויב איהר ווילט דערגרייכען ביז צו דעם לעצטען, פערבאָר־גענעם אמת זייערען, ביז צו יענעם צענטראַל־פּונקט, אין וועלכען

עס פּעראייניגען זיך און פון וועלכען עס געהען אַרויס אַלע שטראַה־לען פון זייער אייגען־אַרטיגען דענקען.

זיי אַלע דריי זענען ניט קיין לייכטע דענקער און זיי האָבען דעם געבילדעטען עולם ניט געלעגט קיין צוקייטע שפּייז אין מויל אריין. מען קאָן באמת שטאַלץ זיין דערויף, וואָס אין דעם סוף פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט האָט אַזאַ גרויסער עולם, — אפילו אַז מען זאָל אַראָברעכענען פון חשבון די הונדערטער אויבערפלעכליכע נאָכפּלאַפּלער און מיט־טענצער, — איך זאָג: ס'איז אַ פריידע צו בעמערקען, אַז אַזאַ גרויסער עולם האָט געקאָנט זיך ערנסט און טיעף צוהערען צו די רעד פון אַזעלכע ערנסטע און טיעפע דענקער.

די פּאָפּולאַריטעט און דער גרויסער אינטערעס, וואָס טאָל־סטאָי, ניעטצשע און מארקס האָבען געפונען ביי דער געבילדעטער געזעלשאַפט, דערקלעהרט זיך, נאָך מיין מיינונג נאָך, דורך דעם, וואָס זיי זענען קיין מאָל ניט געוועזען קיין ריינע טהעאָרעטיקער. ווי שטאַרק עס האָבען ניט בעשעפטיגט זייער מוח די אייביגע פּראָ־בלעמען פון דער טהעאָרעטישער וועלט־אַנשויאונג, — די פּראָ־בלעמען פון גייסט און מאַטעריע, פון לעבעדיגס און טויטס, פון פרייען ווילען און אייזערנע נאַטור־געזעצען, — איז די פּערענט־פערונג פון די דאָזיגע פּראָבלעמען ביי זיי קיין מאָל ניט געוועזען קיין ציעל פאַר זיך. די פראַגע: „וואָס דאַרף דער מענש ד ע נ ק ע ן?" איז געוועזען ניט נאָר צוגויפגעבונדען מ י ט־, נאָר אונטערגעיאָכט א ו נ ט ע ר דער פאַר זיי נאָך וויכטיגערער פראַגע: „וואָס דאַרף דער מענש ט ה אָ ן?" וואָס זאָל זיין דעם מענשען'ס צענטראַל־שטרעבען? וואָס זאָל ער פערטהיידיגען און וואָס בעקעמפּפען אין דעם איצטיגען לעבען? וואָס איז פאַר איהם דאָס „העכסטע גוט"?

און ווייל אין דער פערענטפערונג פון אָט די טיעפע ערנסטע לעבענס־פראַגען האָט יעדערער פון זיי אויף זיין אופן אריינגע־אַרבייט די גאַנצע ערפאַהרונג פון דעם פּראָגרעסיווען געדאַנק, האָ־בען זיי — יעדערער אויף זיין אַרט — אויסגעדריקט דעם גאַנצען י ו ש ר פון דער נייער צייט, יענעם יושר, וואָס דער ניינצעהנטער יאָהרהונדערט האָט איבערגעלאָזען דורך זיי בירושה צו דעם צוואַנ־ציגסטען.

מען קאָן דעריבער זאגען: טאָלסטאָי, ניעטצשע און מארקס זענען געוואָרען בעריהמט און בעליעבט דערפאַר, ווייל זיי האָבען פערקערפערט אין זייערע געדאנקען די ירושה און דעם יושר פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט און דערפאַר כאראקטעריזירען זיי מעהר, איידער ווער עס איז אַן אנדערער, דעם גאנצען פּראָגרעסיווען גייסט פון דער לעצטער צייט אין זיין איינהייט און אין זיין צו־שפּאָלטענקייט.

טאָלסטאָי, ניעטצשע און מארקס זענען, ווי איך האָב שוין בעמערקט, פּראָגרעסיווע דענקער. נאָך מעהר: זיי זענען אַלע דריי ראַדיקאַלע דענקער, גלענצענדע פערטרעטער פון דעם ראַדיקאַלען געדאנק, וואָס האָט שוין געהאַט ווייט הינטער זיך די שוימענדע און ברויזענדע פּעריאָדע פון דעם יונגען ראדיקאַליזם פון די פערציגער יאָהרען, וועמעס פאָהנען־טרעגער עס זענען גע־ווען דוד פריעדריך שטרויס, מאקס שטירנער און לודוויג פייער־באך. זיי האָבען איהם פערטיעפט, דעם ראדיקאַליזם, און אין דער זעכציגער צייט נעהנטער צוגערוקט צו די נויטען און פּלאָגען פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען.

די איצטיגע פאָרשונג האָט שוין אויסגעפונען די נאָהענטע גייסטיגע קרובה'שאַפט צווישען שטירנער און ניעטצשע, פייערבאך און מארקס. איז אפשר אויך דאָ א נאָהענטע אינוועניגסטע קרובה'שאַפט צווישען שטרויס, דעם קריטיקער פון די עוואנגע־ליען, און טאָלסטאָי, דעם קריטיקיר פון דער הערשענדער קירך? צווישען דעם מחבר פון „ישו'ס לעבען" און דעם פּרעדיגער פון ישו'ס תורה? — די פראגע מוזען מיר היינטיגען אָוועקט לאָזען אָן א זייט. איך מוז מיך אויך אָבזאָגען פון דער זעהר אינטערע־סאנטער אויפגאבע צו שילדערען פאר אייך, אין וועלכע פּונקטען ניעטצשע האָט פערטיעפט שטירנער'ן, מארקס — פייערבאך'ען און אפשר טאָלסטאָי — שטרויס'ען. די געשיכטליכע זייט פון אונזער טהעמע מוזען מיר היינט אין גאנצען פערשווייגען. אָהן א שום שייכות צו דעם גייסטיגען עבר, וואָס האָט זיי ארויס־געבראכט, אין זייער פאַרטיגער געשטאַלט, אקוראַט ווי זיי וואָל־טען פון הימעל אראָבגעפאלען, וועלען מיר פּרובען פערגלייכען די דריי גרויסע ראַדיקאַלען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט.

איך דאַרף אייך געוויס ניט דערצעהלען, אַז זיי אַלע דריי, ווי ראַדיקאַל זיי זאָלען ניט זיין אין זייערע געדאַנקען, געהערען פּאַרט ניט צו איין־און־דערזעלביגער ריכטונג. זיי זענען ניט קיין דריי־איינינגקייט, ווי צ. ב., מאַרקס, לאַסאַל און ענגעלס, וואָס האָבען געשטריטען פאַר איין־און־דעם־זעלבען אידעאַל, אונ־טער כמעט איין־און־דערזעלביגער פאָהן. טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס שטעלען מיט זיך פאָר דריי פערשיידענע ריכטונגען פון דעם ראַדיקאַלען געדאַנק, אָדער נאָך מעהר: דריי פיינדליכע ריכטונגען, וואָס בעקעמפפען איינע די אַנדערע. אויב מיר ווע־לען, צ. ב., זאָגען, אַז טאָלסטאָי ציהט דעם מענשליכען יושר נאָך רעכטס, וועט מען מוזען צוגעבען, אַז ניעטצשע שלעפּט איהם פּונקט להיפך נאָך לינקס און אַז מאַרקס טרייבט איהם נאָר אין אַ דריטער ריכטונג: אין דער „הויך“, צי אין דער „טיעף“, ווי איהר ווילט.

לאָמיר אָנהויבען פון טאָלסטאָי.

קוקט מען אויבערפלעכליך אויף די רעזולטאַטען פון זיין לעהרע און דרינגט מען ניט אַריין טיעף אין איהר מיין, קאָן איי־נעם אויסדוכטען, אַז מען האָט איבערהויפּט ניט קיין רעכט צו־צורעכענען טאָלסטאָי'ען צו דעם פּראָגרעסיווען לאַגער, אַ פּשיטא שוין צו דעם ראַדיקאַלען. די געבאָטען, מיט וועלכע ער קומט צו דער מענשהייט, זענען אַזוי אַלט, אַזוי געדיכט אַרומגערינגעלט מיט דער אַטמאָספערע פון דעם רעליגיעזען מיסטיציזם, אַז עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס איינינע זעהען אין איהם ניט קיין אַנדער זאַך, ווי גאָר אַ פּשוט'ען רעאַקציאָנער, מעהר נישט אַ שעהן צוגעפּוצטען און אַן אויסגעציערטען מיט ראַדיקאַלע פעדערן.

און אין דער אמת'ען! מיט וואָס קומט צו אונז טאָלסטאָי? וואַרפט אַראָב אַלע זיינע טהעאָריען און אַרגומענטען און האָט אין זינען נאָר די פּרוכט פון זיין לעהרע, דעם לעצטען רעזולטאַט, וואָס ער ברענגט אונז: איז דאָס ניט די אויפפרישונג פון יענער פינסטערער מאַכט, וואָס האָט אַזוי לאַנג געהאַלטען פערשקלאַפט דעם פרייען געדאַנק? קריסטענטהום פּרעדיגט ער אונז! די אַלטע פערשימעלטע מאָראַל פון „ליעבע צום צווייטען“ און מסירת נפש צוליעב קדוש השם! היינט זיין משונה'דיגע שטעלונג צו אַלץ,

אויף וואָס דער פרייער מענשליכער געדאַנק איז אַזוי שטאָלץ: ציוויליזאַציע, קולטור, פּראָגרעס, קונסט, וויסענשאַפט! אַט די אַלע זאַכען, וואָס זענען אונז אַלעמען אַזוי הייליג, ווערען בפועל ממש געטראָטען מיט די פיס פון דעם דאָזיגען משוגה׳דיגען ראַדיקאַל און אום־ברחמנות׳דיג בעגאָסען מיט שפּאָט. אַט די אַלע שעהנע און הייליגע זאַכען זענען ניט ווערטה, לויט טאָלסטאָי, דער מענש זאָל מיט זיי אַנפילען זיין מוח און הארץ. טראַכטען דאַרף מען נאָר וועגען גאָט, וועגען דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה; און אין זין דאַרף מען האָבען נאָר איין זאַך: צו פאָלגען גאָט׳ס געבאָט, וואס לעבט אין אונזער הארצען, און מקריב זיין זיך אַלע שעה און אַלע רגע פאַר דעם אַנדערענ׳ס גליק.

מיט וואָס זענען אַזעלכע געדאַנקען „פּראָגרעסיווער“, איידער די תורות פון אַלע אַנדערע גלחים, רבנים, און כהנים פון דער איבערנאַטירליכער רעליגיע? און מיט וואָס איז טאָלסטאָי׳ס קריסטענטהום אַן אַנדערער, איידער דער, וואָס „דרעהט“ דער מענשהייט „אַ ספּאַדיק“ שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר?

אַזוי קאָן מען גאַנץ געוויס פרעגען, ווען מען לאָזט זיך ניט אריין אַ ביסעל טיעפער אין דעם ענין. מיר גיבען אויך צו, אַז ווען מען הערט זיך איין אויבערפלעכליך אין טאָלסטאָי׳ס „פּרעדיגען“, ערשיינט ער אויך פאַר אונז ניט מעהר ווי אַ שד״ר פון יענער וועלט, וואָס קומט צו אונז מיט אַ שליחות פון דעם הייליגען „הימעל“, כדי מאוס צו מאַכען די זינדיגע ערד אין אונזערע אויגען. אַקוראַט ווי אַלע אַנדערע שד״ר׳ס פון דעם רבונו־של־עולם, בעגיסט ער מיט שפּאָט און גאַל אַלע הנאות פון דעם עולם הזה, אַלע פריידען פון דעם גוף, הייסט אונז אַנטהאָן זיך אין אַ זאַק, בעשיטען אונזער קאָפּ מיט אַש און וויינען אויף דעם חורבן פון אונזער נשמה. תשובה טהאָן זאָלען מיר אויף אונזער זינדיג יאָגען זיך נאָך גליק און טראַכטען וועגען דער אויסלייטערונג פון אונזער גייסט. דורך „מסירת־נפש“ און „בטול היש“ זאָלען מיר אונז צוגרייטען צו דעם אייביגען לעבען „אויף יענער וועלט“ — קורץ, צו דעם „עולם הבא“...

אַלטע רעד — נאַרישע רעד — ווי איז עס ניט נמאס געוועזען דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט איבערצוקייען חכמות פון

יענער צייט, ווען די פּראָגרעסיווע מענשהייט איז נאָך אומגע־לאָפען אין קינדערשע שיכלעך? אַלטע רעד, נאַרישע רעד — ענטפערען מיר — און פון דעסטוועגען האָט זיך יעדער יאָהרהונ־דערט צוגעהערט צו זיי — און דוקא מיט איהרע טיעפסטע חכמים. און אויך דער פינף און צוואַנציגסטער יאָהרהונדערט וועט — רע־כען איך — ניט זיין פערוואָהרענט פון זיי, ווייל זיי פליסען פון אַ קוואַל, וואָס וועט קיינמאָל ניט אויסטריקענען ביי דעם מענשען — זיין בענקען נאָך אייביגקייט און הייליגקייט. מעהר גישט, יעדער יאָהרהונדערט נעהמט אויף די דאָזיגע אייביגע גע־דאַנקען אויף זיין אייגענעם שטייגער, און דער פּראָגרעסיווער גע־דאַנק קומט צו זיי אויף אַן אַנדער וועג, איידער דער תמימות'דיג רעליגיעזער. דער אַנדער וועג, — אין דערינען ליעגט דער סמן, וואָס שטעמפּעלט טאָלסטאָי'ען, דעם הימעלס־שד"ר, צו אַ מאָדער־נעם מענשען, צו אַ ראַדיקאַל.

„תשובה טהאָן זאָלען מיר אויף אונזער זינדיג יאָגען זיך נאָך גליק" — האָבען מיר נאָר וואָס געזאָגט. דאָס קאָן פערשטאַנען ווערען אויף מעהרערע אופנים. איינמאָל קאָן מען גלויבען, אַז יעדער גליק, יעדע הנאה, יעדער טראַכטען וועגען זיך און דעם אייגענעם זיין אויף דער וועלט איז אַ זינד, וואָס קאָן עפּעס איי־נעם דאָרטען אַ גרויסען און פרעמדען האר ניט געפעלען, און דע־ריבער זאָלען מיר זיך אָבזאָגען פון גליק. עס קאָן אָבער אויך אויס־געטייטשט ווערען אַזוי, אַז יאָגען זיך נאָך גליק איז ניט קיין עולה, אַז דאָס איז אונז, אַ דאַנק דעם אויבערשטען, ניט פערוועהרט פון איהם, מעהר נישט אַ „זינדיג"־יאָגען זיך איז אַן אומווערדיג־קייט אין זיינע אויגען. גליק? יע! נאָר פון אַלע אַרטען גליק זאָלען מיר אויסקלייבען נאָר די רוחניות'דיגע תענוגים, די פריידען פון „יסורים של אהבה", ווייל נאָר יעמאָלט טהוען מיר דעם ווילען פון אונזער בעל־הבית אין הימעל. די צוויי אויסטייטשונגען זע־נען ריין־רעליגיעזע, ווייל זיי הויבען אָן מיט גאָט און מיט יענער וועלט, ווי מיט אַ געוויסער אונצווייפעלהאַפטער זאַך, און שפּאַנען דעם שכל לכתחילה איין אין אַ גייסטיגען יאָך פון אַן איבערנאַ־טירליכען גלויבען, — אַ יאָך, פון וועלכען עס איז זיך אַזוי שווער צו בעפרייען.

„ס'איז דאָ א גאָט. פון איהם שטאַמט די וועלט. פון איהם שטאַמען אויך מיר. פון איהם העננט אָב אונזער זיין אָדער נים זיין. אונזער זיין דאַרפען מיר ביי איהם פ ע ר ד י ע נ ע ן, און כדי צו פערדיענען עס, מוזען מיר פריהער וויסען, וואָס ער פאָדערט פון אונז“. גלויבען אָדער בעווייזען מיט'ן שכל, אַז עס איז דאָ א גאָט, אויסגעפינען גאָט'ס ווילען, די אָפּפער, וואָס ער פערלאַנגט פון אונז, און דערנאָך ערשט ארויסברענגען דערפון, אַז ער פאָ־דערט פון אונז — אָבזאָגען זיך צוליעב איהם פון גליק אָדער, לכל הפחות, פון געוויסע ארטען גליק, — אָט דאָס איז דער וועג פון יעדען אַלט־פּרענקישען, רעליגיעז־אסקעטישען געדאַנק.

ניט דאָס איז געווען דער וועג פון טאָלסטאָי. טאָלסטאָי האָט ניט אָנגעהויבען מיט גאָט, גאָט'ס ווילען און גאָט'ס מאַיעסטעטישע, זעלבסט־הערשערישע בעפעהלען. אויף זיין שווערען, שווערען וועג איז טאָלסטאָי ארויף ווי א פריי־דענקער, נאָך מעהר: ווי א מאַטעריאַליסט און אַן אַטעאיסט. בעת ער האָט זיך צום ער־שטען מאָל פערטראַכט וועגען די אייביגע פּראָבלעמען פון דעם מענשליכען לעבען, זענען איהם געלעגען אין זינען ניט גאָט און ניט גאָט'ס בעפעהלען, נאָר דער גורל פון דעם מענשען אויף ד ע ר וועלט, זיין אייביגער דאַרשט נאָך גליק און פרייד, — יע! — גליק און פרייד אויף ד ע ר וועלט, אין יעדער רגע פון זיין זיין.

און פערטראַכט וועגען דעם האָט זיך טאָלסטאָי גראָד אין אַזאַ צייט, ווען דער מזל האָט געגאָסען אויף איהם שטראָמען־ווייז גליק אין אַן איבערמאָס. אַלץ, וואָס א מענש דאַרף האָבען צום גליק האָט איהם דער מזל געשענקט: געזונט, רייכקייט, בילדונג, א נאָמען, וואָס האָט שוין געקלונגען איבער דער וועלט, א ליעבענ־דע פרוי, וועלכע ער האָט געליעבט, געליעבטע און ליעבענדע קינדער.

טאָלסטאָי האָט געהאַט אַלץ, וואָס איז נויטיג צו א גליקליכען לעבען, — אַלע יענע זאַכען, וואָס מענשען מיינען, אַז אין זיי ליעגט דער גליק. טאָלסטאָי'ען האָט געפעהלט נאָר איין זאַך — דער גליק. ווער האָט ארויסגע'גנב'עט דעם גליק אָט פון אַלע יענע זאַ־כען? ווער האָט זיי געמאַכט לעדיג און וויסט?

איך האָף, איך וועל ווען עס איז האָבען א געלעגענהייט צו רעדען פאַר אייך באריכות וועגען די פּראָבלעמען פון דעם מענש־

ליכען גליק אָן לעבען און יעמאָלט וועט זיך בעסער פּאסטען — אויסמאָלען פאר איך אין די וויכטיגסטע פּרטים טאָלסטאָי'ס טראַגעדיע, — יענע טראַגעדיע, וואָס האָט געמאכט, אַז אין דעם שטאָלצען, געזונטען בוים, וואָס איז געשטאַנען אין פולער בליהונג, בענגאָסען פון אַלע זייטען מיט אַ גאָלדענער גלוטה פון לעבען־טראַגענדע זון־שטראַהלען, האָט זיך מיט אַ מאָל אריינגע'גנב'עט אַן אינוועניגסטער וואָרעם, וואָס האָט איהם שיער־שיער ניט געבראַכט צום טויט.

אין די גרענעצען פון מיין היינטיגער טהעמע, מוז איך די טראַגעדיע פון טאָלסטאָי'ס לעבען, וואָס איז אַ טראַגעדיע פון אַ סך, אַ סך גרויסע און איידעלע נאַטורען, אָב'פּטר'ן בקיצור. איך טהו עס, ווען אפּילו איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אין דערינען ליעגט אַ סכנה: עס קאָן גריילעך זיין, אַז אייניגע פון אייך וועלען די טראַגעדיע געוויס פערשטעהן מיט'ן שכל, אָבער זי ניט דורכפיהלען מיט'ן הארצען, ד. ה., מיט אַנדערע ווערטער, זי גאָר ניט אָנהויבען צו פערשטעהן...

טאָלסטאָי'ען האָט זיך בעוויעזען דער טויט, יענער נאַקעטער, פּשוט'ער, אַבסאָלוטער אמת, דער איינציגער אמת, וועלכען יעדער מענש פערמאָגט אויף זיכער, אַז וואו עס איז, ווען עס איז, ווי עס איז וועט דער פּלאַם פון אונזער לעבען אויסגעלאָשען ווערען, — ער מעג ברענען ווי שטארק, לויכטען ווי העל, וואַרעמען ווי ליעבליך. איהם האָט זיך בעוויעזען יענע שווארצע אימה, וואָס פערכאַפּט אין אונז דעם אָטהעם, בעת מיר בליקען אין איהר פּלוצלונג אריין מיט גרויס און ווילד־געוואָרענע אויגען, מיט קאַפּויער־אויפגעשטעלטע האָר, — יענע ווילדע פינסטערע אימה, וואָס שלינגט איין אַלע פאַרבען פון לעבען, לעשט אויס אַלע פונקען פון האָפענונג און הויכט אין אונז אריין מיט אַ שווארצען פראָסטיגען אָטהעם דעם אונברחמנות'דיגען סוד, אַז זי, נאָר זי, די דאָזיגע פראָסטיגע, שווארצע, ווילדע אימה, — איז אין תוך אריין דער לעצטער ציעל, צו וועלכען מיר שטרעבען, דער לעצטער סך־הכל פון אונזער גאַנצען זיין אויף דער וועלט.

ניט אָפּט בעווייזט זיך די שווארצע אימה פאר'ן מענשענ'ס בליק. זי, די וואָס האָט אַ רעכט צו פאָדערן, זי זאָל תמיד

שטעהן פאַר אונזערע אויגען, האָט הפּנים רחמנות מיט אונז, קליי־נע און שוואַכע, און קומט צו אונז נאָר יעמאָלט, ווען זי מוז. אָבער, משמעות, די גרויסע און שטאַרקע שעצט זי צו הויך, זי זאָל רחמנות האָבען אויף זיי — און בעווייזט זיך זיי גראָד אין דעם גלאַנץ פון זייערע טעג...

טאָלסטאָי'ען האָט זיך בעוויעזען דער טויט, און מיט א מאָל איז איהם געוואָרען קלאָהר יענער אמת, וואָס יעדער איינער פוילט זיך אָדער ער האָט מורא איינצוזעהן, אז דאָס גאַנצע לעבען גע־דויערט ניט מעהר ווי איין רגע, און אז די צווייטע רגע געהערט שוין דעם טויט.

ווי קאָן דערביי אין ערנסט זיין די רעד וועגען גליק און פרייד אין דעם מענשליכען לעבען?

און אויף אַזאַ'ן אופן איז טאָלסטאָי'ס געדאַנק אוועקגע־שטעלט געוואָרען פאַר א גרויסער סתירה, פאַר א רעטעניש, וואָס האָט עקשנות'דיג געפאָדערט אַן ענטפער.

פון איין זייט איז איהם, דעם גרויסען פּסיכאָלאָג, דעם טיעפען קענער פון דער מענשליכער נשמה, געוועזען קלאָהר, אז אַלץ וואָס לעבט, לעבט נאָר, געטריעבען דורך אַן אייביגען דאָרשט צו גליק און פרייד, — אַז פרייד איז דער איינציגער תמצית פון דעם פּסיכישען לעבען, דאָס וואָס האַלט איהם אויף און גיט איהם א זין; אז דער גאַנצער שכל, מיט אַלע זיינע המצאות און אויפטהוען ווערט פערוואַנדעלט אין א ווילדע נאַרישקייט, ווי נאָר מען בלאָזט אויס דעם אינוועניגסטען פייער, וואָס האַלט אויף דעם לעבען פון דער מענשליכער נשמה, — איהר שטרעבען צו גליק און פרייד אין יעדער רגע פון איהר זיין.

פון דער אַנדער זייט איז גליק און פרייד א פאַלשער דמיון, א פּשוט'ער שווינדעל, ווי נאָר דערזועלביגער שכל לאָזט זיך אַראָב אויף זייער גרונד.

ווי איז די דאָזיגע סתירה צו דערקלעהרען? פון וואַנען האָט זיך גענומען דער דאָזיגער מענשליכער שכל, וועמעס גאַנצע בע־רעכטיגונג עס העגנט אַן דער מעגליכקייט פון גליק, האַפענונג און פרייד? איז ער, דער שכל, וואָס פאָדערט גליק, ניט מעהר ווי א צופאַל אין דעם גרויסען אונענדליכען וועלט־פּראָצעס, א גרייז,

וואָס האָט זיך על פּי טעות אַריינגע'גנב'עט אין דעם אייביג טויטען אייזערנעם גאַנג פון די וועלטליכע פּראָצעסען? אָדער איז ער אַ נויטוועגדיגער זיין אין דער וועלט, אפשר אַ טייל פון אַ גרעסע־רען שכל, וואָס איז דער תמצית פון דער גאַנצער וועלט, ווי ער איז דער תמצית פון אונזער נשמה, און ווי גליק און פרייד איז דער תמצית פון איהם גופא?

אָבער — אויב אַזוי — אויב דער מענשליכער שכל איז אַ טייל פון דעם וועלט־שכל — היינט ווי קומט עס, וואָס ער איז אַזוי צונויפגעבונדען מיט אַ זאַך, וואָס קאָן ניט האָבען קיין ברע־קעל ממשות, — מיט אַן איללויזיע פון גליק און פרייד, וואָס קאָן קיין מאָל ניט מקוים ווערען אין לעבען? דער שכל מוז פערלאַנגען גליק און פרייד, ווייל דאָס איז דער תמצית פון זיין זיין, און ער מוז סוף־כל־סוף איינזעהן, אַז אָנשטאָט גליק און פרייד וועבט ער נאָר שפּינוועבס אויף אַ קאַלטען, שוואַרצען, אונענדליכען אָבגרונט.

אומזיסט האָט דער פריי־דענקער טאָלסטאָי געזוכט אַן ענט־פער אויף די דאָזיגע פראַגען קודם כל ביי דער וויסענשאַפט און דער פילאָסאָפיע. די וויסענשאַפט האָט זיך מיט די פראַגען ניט אינטערעסירט און האָט על פּי איהר אייגענער טבע זיך מיט דעם ניט געקאָנט אינטערעסירען. אונטער געוויסע, שווער אויפצוהאַלטענדע אומשטענדען, לעבט מען, און אונטער אַלע אומ־שטענדען מוז מען שטאַרבען, — דאָס איז דער איינציגער תירוץ, וואָס די וויסענשאַפט קאָן געבען, — אַ תירוץ, וועלכען מען האָט אויך פריהער געוואוסט אָהן איהר. די פילאָסאָפיע ווידער, — דער־הויפּט די מעטאַפיזישע פילאָסאָפיע, — האָט זיך, ווי אַ אידיש ווער־טעל זאָגט, „געטרייסט מיט חלשות". עס איז דאָ אַ גרויסער וועלט־שכל און אונזער שכל איז ניט מעהר ווי אַ טייל פון איהם. דעם מענשליכען שכל דוכט זיך נאָר, אַז ער שטרעבט צו זיין אייגע־נעם גליק, אין אמת'ען ווערען די רעזולטאַטען פון אַלע אָט די איינצעלנע שטרעבונגען, די פּראָדוקטען פון דעם מענשענ'ס גע־דאַנק און פון זיינע מעשים, ערגעץ־וואו צונויפגעפלאָכטען אין אַ גרויסען שכל'דיגען געפלעכט, וואָס רופט זיך „וועלט־פּראָגרעס". צוליעב דעם דאָזיגען וועלט־פּראָגרעס לעבט מען, און דער אייגע־נער גליק — איז אַ גלייכגילטיגע זאַך. דאָס איז אַ „טרייסט מיט

חלשות" דערפאַר, ווייל וואָס האָב „א י ך" דערפון, וואָס ערגעץ־וואו פלעכט זיך אַ שכל'דיג געפלעכט? און ניט נאָר א י ך: וואָס האָט ו ו ע ר ע ם א י ז ד ע ר פ ו ן? קאָן דאָס שכל'דיגע געפלעכט פערשטעהן און פיהלען און ליעבען זיך אַליין? און אפילו אז יע, — הערט דען מ י י ן לעבען, ווען איך בעטראַכט איהם פאַר זיך מיט זיין טראַגישען סוף, דערפון אויף צו זיין אַ ווילדע נאַרישקייט? און די מיליאָנען און מיליאָנען אַנדערע לע־בעדיגע, שכל'דיגע מענשען, וואָס יאָגען זיך נאָך גליק און דער־לויפען אַלע צו דעם זעלביגען שווארצען אָבגרונד, — הערט דען דורך דעם זייער לעבען אויף צו זיין אַ שפיעל פון אַ קאַץ מיט אַ מויז, וואו די אָרימע מויז מ ו ז איינגעשלונגען ווערען פון דער קאַץ? קאָן אַ שכל'דיגע גייסטיגע וועלט פון דעם מענשליכען פראָ־גרעס געפלאָכטען ווערען פון מיליאָנען און מיליארדען ווילדע נאַ־רישקייטען?

אין זיין פערצווייפלונג האָט טאָלסטאָי פערלאָזען וויסענ־שאַפט און פילאָסאָפיע און האָט בעשלאָסען צו געהן פרעגען זיין פרעג ביי יענע מיליאָנען און מיליאָנען שכל'דיגע מענשען, וואָס האָבען אין הונדערטער און הונדערטער דורות געבויט דאָס מענש־ליכע לעבען און וואָס האָבען זייערע געדאַנקען אויסגעקריסטאַ־ליזירט אין די פאָרמען פון פערשיידענע רעליגיעזע גלויבענס. וואָס ענטפערט אויף דער דאָזיגער פראַגע די רעליגיאָן? ערנסט האָט ער געשטודירט דעם רעליגיעזען געדאַנק, ערנסט געקוקט אין אויג דער מעגליכקייט, טאָמער איז אפשר דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, טאָמער איז גאָט דער אַבסאָלוטער שכל און טאָמער איז גאָט דאָ ערגעץ־וואו אויך אין אונזער ברוסט. ער האָט ערנסט זיך צוגע־הערט צו דעם אָבקלאַנג, וואָס אַזאַ געדאַנק רופט אַרויס אין זיין אייגענער נשמה... ווי נעהמט די נשמה אויף אַזאַ געדאַנק? און דאָ האָט טאָלסטאָי, זיך איינהערענדיג אין די שטים פון דער נשמה, בעמערקט זעהר אַ וויכטיגע זאַך: פ ר י י ד א ו ן ג ל י ק א י ז ג ע ו ו ע ן ד ע ר א ב ק ל א נ ג, מיט וועלכען די נשמה זיינע האָט געענטפערט אויף די מ ע ג ל י כ ק י י ט פון גאָט אין דער וועלט און אין דער אייגענער ברוסט.

דער פינסטערער אָבגרונד פון טויט פלעגט אין אַזעלכע מאָ־

מענטען פערשװינדען. העל און ליכטיג פלעגט װיעדער אָנהױבען שײנען די זון, פאַרביג איז װיעדער געװאָרען די װעלט... איז דאָס ניט אפשר די שטים פון גאָט אין זײן ברוסט? — האָט זיך טאָלסטאָי געפרעגט. — די שטים פון דער געטליכער קראַפט, װאָס איז געלעגען פערבאָרגען טיעף אין זײן נשמה און װאָס ציטערט איצטער אױף פון פרײד, װען זי בעמערקט, אז מען דערנעהנטערט זיך צו איהר, אז מען בענקט נאָך איהר און מען רופט זי?... „אַך, גאָט איז נאָר א חלום!" — פלעגט װיעדער ענטפערען דער שכל — און די פרײדיגע שטים אין דער ברוסט פלעגט װיעדער װערען פערשטומט, און די זון פערלאָשען, די פאַרבען — פערװועלקט, און װיעדער פלעגט פאַר די אױגען אױסװאַקסען די שװאַרצע אימה פון טױט.

און נאָך א מאָל, האַלב אונבעװאוסט, װי אין א טרױם, װען מען טרױמט פון אונמעגליכע זאַכען, פלעגט דורכפליהען בײ טאָלסטאָי די ציטעריגע האָפנונג: און אפשר יאָ? און באַלד האָט װיעדער אָנגעהױבען קלינגען א קלאַנג פון גליק און פרײד אין דער נשמה, װיעדער פון די טיעפסטע פערבאָרגעניסען — א זיסער רופען צו זיך און — װיעדער — העלער ליכטיגער טאָג!

און װיעדער ספיקות, װיעדער די שװאַרצע אימה פון טױט!

אזױ גריבלענדיג זיך אין דעם אײביגען פּראָבלעם, — שטודירענדיג די הײליגע ביכער, בעטראַכטענדיג דאָס לעבען פון די פשוט'ע, גאָט־גלױביגע מענשען, אױספאָרשענדיג די אײגענע נשמה, װאו קײן זאַך האָט זיך ניט געקאָנט בעהאַלטען פון זײן העל־זעענדען בליק, אַרומגעשלײדערט פון האָפענונג צו צװײפעל און פון צװײפעל צו האָפענונג, איז טאָלסטאָי ענדליך געקומען צו יענעם רעזולטאַט, װאָס האָט איהם צוריק אַרױפגעפיהרט אױף די ליכטיגע װעלט.

איך מוז מיך דאָ מיט אן אמת'ען עגמת־נפש אָבזאָגען פון דעם פערגניגען אױסצומאָלען פאַר אײך די אײנצעלנע לאָגישע און פּסיכאָלאָגישע מאָמענטען, װאָס האָבען איהם געפיהרט צו דעם גרונד־געדאַנק פון זײן שעהנער און אָריגינעלער מיסטישער װעלט־אנשױאונג. קורץ: עס איז פאַר איהם געװאָרען קלאָהר, אז גאָט, שכל, אונשטערבליכקײט און פרײד — זענען אײן און דיעזעלביגע

זאַך. יע, פרייד און גליק איז אַקוראַט אַזאַ נויטווענדיגער אטרי־בוט פון גאָט, ווי זיין מאַכט אָדער זיין שכל. גליק איז דעריבער ניט קיין דמיון אין דעם מענשען׳ס נשמה. עס איז, ווי גאָט און דער שכל, — דער תוך, דער תמצית פון דער גאַנצער וועלט. מען דאַרף נאָר אויסגעפינען אין זיך יענעם צושטאַנד פון דער נשמה, ווען זי איז אין גאַנצען צונויפגעגאָסען מיט גאָט און יעמאָלט ווערט זי ממילא צונויפגעגאָסען מיט דעם אייביגען קוואַל פון פרייד. אַזאַ צושטאַנד איז דאָ אין דער מענשליכער נשמה און יעדער מענש קאָן איהם אויסגעפינען ביי זיך: דאָס איז דאָס געפיהל פון ליעבע צו דעם אַנדערען, צו דער גאַנצער מענשהייט, צו דער גאַנצער וועלט; יענער געפיהל פון געטליכער ליעבע, אין וועמעס פלאַמען דער געדאַנק פון טויט ווערט פערברענט, ווי אַ שטרויעלע אויף אַ פלאַקער. די געטליכע ליעבע קאָן זיך אויס־דריקען נאָר אין קרבנות און פרייוויליגע יסורים צוליעב דעם אַנ־דערן — און וואָס שטאַרקער די יסורים, אַלץ שטאַרקער די ליעבע. מיר האָבען אַ לעבען פול מיט רייכקייטען: געזונט און קראַפט, און טאַלאַנט, און שכל, און פאָעטישע פאַנטאַזיע, און וויסענשאַפט און קונסט. אָבער די אַלע רייכקייטען זענען אונז געגעבען, כדי מיר זאָלען קאָנען אין יעדער רגע, אין ליעבע צו דעם אַנדערן, מקריב זיין זיי צוליב דעם אַנדערן, און וואָס מעהר קרבנות מיר ברענגען, אַלץ שטאַרקער ווערט דער פלאַקער פון געטליכער ליעבע, אַלץ העל־לער און טיעפער די פרייד, — ביז זי נעהמט אַרום אונזער גאַנצע נשמה, ביז פאַר איהר איז שוין רייף געוואָרען די צייט פון דעם העכסטען תענוג, וואָס ליעגט נאָך פערבאָרגען פון איהר און וואַרט אויף איהר: די מסירת נפש, ווען די ליעבע וואַרפט אַריין אין דעם פייער דאָס טהייערסטע, וואָס זי פערמאָגט — דאָס לע־בען... הויך און פריידיג לאָדערן יעמאָלט אויף די פלאַמען צום הימעל...

גאָט, שכל, לעבענס־רייכטהום, ליעבע צו דעם אַנדערן, יסורים, פרייד, — דאָס איז די איין־איינציגע האַרמאָניע, וועלכע טאָלסטאָי האָט אַרויסגעהערט פון דעם גאַנצען וועלט־פּראָצעס און פון דעם מענשליכען לעבען, און איהם האָט זיך געדוכט, אַז די מענשהייט האָט שוין לאַנג געהערט דעם דאָזיגען שיר, אין וועלכען די געט־

ליבע ליעבע גיסט זיך צונויף מיט איהר מקור — מיט גאָט. דער שיר — מיינט טאָלסטאָי — לעבט אין יעדער רעליגיע און האָט שוין לאַנג געפונען זיין אויסדרוק אין דעם אידישען „ואהבת לרעך כמוך“, ווי אויך אין דעם קריסטליכען געדאנק, אז גאָט איז די ליעבע. נאָהענט צו דעם דאָזיגען וועלט־געדאנק זענען געקומען אויך די פילאָסאָפען, וואָס האָבען געלערענט, ווי קאַנט, אז אין אונזער ברוסט איז פערבאָרגען א מיסטישע שטים, א „קאטעגאָ־רישער אימפעראטיוו“, וואָס בעפעהלט אונז צו זוכען דאָס גוטס און צו פערמיידען דאָס בייז.

און אויף אזא'ן אופן האָט טאָלסטאָי געמיינט, אז ער האָט נאר ווידער געפונען דאָס, וואס די מענשהייט האָט שוין לאנג ביז איהם געוואוסט.

איז דאָס אמת, וואָס טאָלסטאָי האָט געמיינט וועגען זיך, אז ער איז נאָר א פירוש אויף קריסטענטהום און קאַנט?

אי יע, אי ניין! ס'איז אמת, אז טאָלסטאָי קומט צו דעמ־זעלביגען רעזולטאט, וואָס ליעגט אויסגעדריקט אין דעם אידיש־קריסטליכען „ואהבת“ און אין די מאָראלישע פאָדערונגען פון די פילאָסאָפען. אָבער עס איז פאָרט א גרויסע נפקא מיניה צווישען זיי און טאָלסטאָי. די רעליגיאָן קומט צום מענשען און שלאָגט איהם פאָר א פיין שטיקעל געשעפט אין דעם נאָמען פון דעם רבונו־של־עולם. ס'איז א פשוט'ער מסחר. קויף דיר דורך מעשים טובים, דורך ליעבע צום צווייטען, דורך געבראָטענע לײדען א הימ־לישען נחת־רוח. די „ליעבע צום צווייטען“, קאָן זיין, קעהרט דיר פון דער נשמה, אָבער פאר איהר בעקומסט דו אַן אנדער זאך, שוין א גוטע און געשמאקע: א גן־עדן אויף דער וועלט אָדער יענער וועלט, א מאטעריעלען אָדער גייסטיגען. די פילאָסאָפישע מאָראל, אין איהר שטרענגסטער פאָרם ביי קאַנט'ען, איז שוין, אמת, ניט קיין מסחר. זי זאָגט גאָרנישט ניט צו דעם מענשען ניט אויף דער וועלט, ניט אויף יענער. — „דו „זאָלסט“ טהאָן אזוינס און אזוינס, ווייל דאָס פאָדערט פון דיר דיין אייגענער אינוועניגסטער מענשליכער שכל. אָבער דערפאר איז דאָ די פארשטעלונג פון פרייד און גליק אין גאנצען אראָבגעוואָרפען פון חשבון.

גאנץ אנדערש טאָלסטאָי. עס איז, ווי ער וואָלט קומען צו

אונז און געזאָגט: ברודערל! דיין נשמה לעכצט נאָך גליק און פרייד. דו ווייסט אבער ניט, וואו צו זוכען דאס און ווי דאָס צו דערגרייכען. געזונט און רייכקייט און בילדונג און קונסט און דאָס גאַנצע לעבען, וואָס דו מיינסט, אַז אין זיי ליעגט דאָס גליק, זענען ניט מעהר ווי מיטלען צום גליק, — מען דאַרף נאָר וויסען ווי זיי צו געברויכען. ס'איז אַקוראַט ווי מיט דעם געלד. שטעל זיך פאָר אַ רייכען קמצן, וואָס האָט אָנגעקליעבען קאַסטענס מיט גאָלד, און צום סוף פאַר'ן טויט זעהט ער איין, אַז ער האָט פערבראַכט זיין לעבען אין גאָרנישט מיט גאָרנישט. וואו איז געלעגען זיין פעהלער? זיין טעות איז געווען אין דעם, וואָס ער האָט ניט איינגעזעהן, אַז דעם נחת, וואָס גאָלד קאָן איינעם געבען, בעקומט מען ערשט יעמאָלט, ווען מען גיט אויס דאָס געלד. די איי־גענע זאַך איז אויך אָבער מיט אַלע אַנדערע גיטער פון דעם לעבען און מיט דעם לעבען גופא. די פרייד, וואָס זיי קאָנען ברענגען, ליעגט ניט אין זיי, נאָר אין דעם וואָס מען גיט זיי אויס פאַר אַן אַנדערן. האָסטו אַלע גיטער פון דער וועלט, — מאַטעריעלע און גייסטיגע, געקליבען נאָר פאַר זיך, פאַר דיין אייגענעם נחת, האָסטו יעמאָלט געמאַכט דעמזעלביגען גרייז, וואָס דער קמצן מאַכט מיט זיינע גילדערנע דוקאַטען. האָסטו אָבער אַלץ וואָס דו פערמאָגסט, — דיין געלד און דיין צייט, דיין קראַפט און דיין וויסען, דיין געפיהל און דיין שכל, — תמיד געשטרעבט אויסצו־געבען פאַר דעם אַנדערן, אויסצוגעהן אין ליעבע צו איהם, — ערשט יעמאָלט האָסטו באמת פערזוכט דעם טעם פון געטליכען גליק. און וואָס מעהר דו גיסט אויס, וואָס שטאַרקער דיין ליעבע, וואָס ברענענדיגער דיין צער, — אַלץ צופריעדענער איז דיין שכל, אַלץ גרעסער דיין פרייד, אַלץ לעבעדיגער רעדט אין דיר די שטים פון גאָט, — ווייל גאָט, שכל, פרייד, ליעבע און יסורים של אהבה זענען איין און דיעזעלביגע זאַך.

טאָלסטאָי'ס „ואהבת" איז דעריבער ניט קיין מסחר מיט גאָט, אויך ניט קיין דעספּאָטישער בעפעהל פון דעם מענשליכען געוויסען, נאָר אַ נאַטירליכער שטרעבען פון דער נשמה צו די קוואַ־לען פון דער אייביגער פרייד.

און אויף אַזאַ'ן אופן ווערט קלאָהר פערענטפערט די פראַגע

וועגן דעם „העכסטען גוט“ און עם פערשווינדט אויף די סתירה, וואָס האָט טאָלסטאָי׳ען בעזונדערס געפּלאָגט: ווי אַזוי דער שכל, וואָס יאָגט זיך נאָך גליק, צושטערט אין זיין קריטיק אַלע מעגליכ־קייטען פון גליק: דער שכל פערוואַרפט נאָר דעם „דמיון“ פון גליק, די גילדערנע דוקאַטען פון דעם קמצן, כדי צו דערגרייכען צו דעם אמת׳ען קוואַל פון גליק: יסורים של אהבה, רחמנות און ליעבע צו דעם צווייטען.

איך וויל ניט זאָגען, אַז אומעטום רעדט טאָלסטאָי די דאָזיגע קלאָהרע רייד. איך האָב שוין פריהער בעמערקט, אַז מען מוז אָנ־שטרענגען אַלע מוסקעלן פון דעם געדאַנק, ביז מען דערגרייכט צו דער לעצטער טיעף פון זיין מיסטישער וועלט־אַנשויאונג. אָבער נאָר ווען מען דערגרייכט צו איהר, ווערט איינעם קלאָהר די איינ־הייטליכע נשמה פון זיין דענקען און פיהלען און עס ווערען בע־לויכטען און פערענטפערען די פיעלפאַכע ווידערשפּרוכען, וואָס מען האָט ענטדעקט אין זיין סיסטעם.

דערהויפּט ווערט אונז דערקלעהרט זיינע ווידערשפּרוכען בנוגע צו „ציוויליזאַציאָן“, „קולטור“, „פּראָגרעס“, „קונסט“, „ווי־סענשאַפט“ און די אַלע גרויסע נעמען, וואָס זענען אַזוי טהייער פאַר דעם אויפגעקלעהרטען דור און וועלכע טאָלסטאָי פלעגט באַלד בע־גיסען מיט שפּאָט און גאַל, באַלד ווידער נעהמען זיי אין שוץ. טאָלסטאָי האָט לויט דער אינערליכסטער לאָגיק פון זיין געדאַנק, קיינמאָל ניט געלייקענט זיי אין גאַנצען. זיי זענען פאַר איהם מיטלען און ער נעהמט זיי אָן אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי זענען מיטלען, אויף וויפיעל זיי פערשפּרייטען די געטליכע ליעבע צווישען מענש און מענש, אויף וויפיעל זיי העלפען אונז אין דער מסירת נפש פאַר דעם אַנדערן.

ווי די מעשה איז, טאָלסטאָי׳ס „יושר“ ליעגט אויף יענער ליניע, וואָס האָט זיך אַנגעהויבען מיט דעם אידישען „ואהבת“ און וואָס האָט ארויסגעבראַכט די ריינע מאָראַלישע לעהרע פון ישו, דעם קריסט. אַ פאָלשטענדיגער היפּך צו איהם, — אַזוי, וועניג־סטענס, דוכט זיך אויס, — איז דער „יושר“ פון פריעדריך ניעטצשע.

אויב טאָלסטאָי איז דער קריסט און איז געווען צופריעדען, וואָס זיינע געדאַנקען שטימען צונויף מיט דעם ריינעם, ריכטיג־

פערשטאַנענעם קריסטענטהום, — האָט ניעטצשע זיך גרויס גע־האַלטען מיט דעם נאָמען „א נ ט י ־ ק ר י ס ט" און האָט מיט אַ כיון געזוכט אומצודרעהען קאַפּויר אַלץ, וואָס איז פערבונדען מיט די קריסטליכע אידעאַלען. אויב טאָלסטאָי איז דער „יוצר טוב", איז ניעטצשע די פערקערפּערונג פון דעם „יוצר הרע". אויב טאָל־סטאָי און קריסטענטהום לערנען אונז — פערגעסען אויף דעם איי־גענעם „איך" און לעבען צוליעב די אַנדערע, פאָדערט פון אונז ניעטצשע, מיר זאָלען גאָר ניט קוקען אויף די אַנדערע און לעבען נאָר צוליעב „זיך".

די „אַנדערע", לערנט ניעטצשע, זענען נאָר דאָ, כדי מיר זאָ־לען קאָנען טרעטען אויף זיי, קאָנען זיי אויסנוצען צוליעב דער אייגענער בעפריעדיגונג, צוליעב דער אייגענער ענטוויקעלונג און מאַכט. קיין ערגסטע זאַך קאָן ניט פּאַסירען מיט דעם מענשען, ווי ווען ער הערט זיך צו צו די אַלע פּראַזען פון דער רעליגיאָן און דער מאָראַל, צו די אַלע שווינדעל־רייד וועגען „גוט" און „שלעכט", „ליעבע צו דעם צווייטען" און מסירת נפש. דאָס זענען אַלץ צוויי־בער־ווערטלעך, מיט וועלכע מען וויל פער'כשופ'ען „מיין" מאַכט, אָבשוואַכען „מיין" ווילען, פערצאַמען מיר „מיין" וועג, — צויבער־ווערטלעך, אויסגעטראַכט פון שוואַכע און געטראָטענע, כדי אָבצו־שרעקען דעם שטאַרקען, דעם בעפעהלער, דעם וואָס טרעט. דאָס קריסטענטהום מיט דעם גאַנצען ליעבע־געצימבעל איז ניט מעהר ווי אַ „שקלאַווען־מאָראַל", וואָס וויל איינפּענטען די מאַכט פון די הערשער. ס'איז אַ חדוש, וואָס די שטאַרקע האָבען ניט איינגע־זעהן דעם שווינדעל; וואָס שמשון הגבור האָט זיך געלאָזט בינדען פון דער צולאָזענער דלילה. אָבער די אמת'ע ש מ ש ו ן 'ס זענען קיינמאָל ניט געבליבען געפאַנגען אין דלילה'ס נעצען. די געשיכטע דערצעהלט אונז פון קראַפט־נאַטורען, וואָס האָבען אַוועקגעוואָרפען הינטער'ן רוקען די אַלע מאָראַלישע זיס־זויערע פּרעדיגטען און האָ־בען מיט פרישען מוטה און פריידיגען אויסגעשריי זיך אַ לאָז גע־טהאָן אין לעבען, גענומען פון איהם אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואָלט און געקאָנט, און אריינגעטראָטען אין שטויב אַלץ, וואָס עס האָט זיך זיי געשטעלט אַנטקעגען. „גזלנים, מערדער און טיראַנען" ווע־רען זיי אָנגערופען פון די מענשען. „אויבער־מענשען!" — רופט

זיי ניעטצשע. אויבער־מענשען, דאָס הייסט א העכערער טיפּ פון דעם מין מענש, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען פון דער מענשהייט, ווי דער מענש האָט זיך ארויסגעריסען פון דער חיה, און וואָס האָט געקוקט אויף אַלע אַנדערע מענשען, ווי דער מענש קוקט אויף אָקסען און שעפּסען.

און אַזוי רעדט צו אונז ניעטצשע'ס „יוצר הרע" :

זיי דו אַזאַ „אויבער־מענש", רייס זיך ארויס פון דעם מאָראַלישען גדר, שטעל זיך פון יענער זייט „גוט" און „שלעכט". לאָז דיך ניט פערפיהרען פון טהעאָריען און פרעדיגטען. קיין גאָט האָט ניט אַנטפּלעקט דעם מענשען דעם אמת און דעם יושר און קיין מענשליכער שכל קאָן ניט ארויסברענגען קיין אייביגע אמת'ען און אייביגע גרענעצען פאַר אונזערע מעשים. „ניכטס איסט וואהר, אַללעס איסט ערלאובט" („קיין זאַך איז ניט אמת, מעגען — מאָג מען אַלץ"). שטרעב צו דיין אייגענער מאַכט, צו דיין אייגענער בעפריעדיגונג און היט זיך פאַר דעם גרעסטען אומגליק, וואָס דיך קאָן בעפאַלען. עס קאָנען קומען אויף דיר מאָמענטען פון שוואַכקייט, פון ליעבע צו דעם אַנדערן, פון רחמנות צו איהם, און זיי וועלען פּאַראַליזירען דיין מאַכט, אָבהאַלטען דיין אַדלער־פליה און אראָבציהען דיך צו דער גרויסער מאַסע פון אָקסען, שעפּסען, מאַלפּעס און מענשען. בעסער טהו זיי אַלע בייז, עהדער גוטס, אויב זייערע ליידען מאַכען ווייך דיין געמיטה.

„א גזלנ'ישע האַרץ", טראַכטען געוויס איינִיגע פון אייך און א שוידער געהט דורך איבער זייערע לייבער. איך וויל זיי אָבער אביסעל בערוהיגען. איך וויל זיי דערמאָהנען אַן דאָס דייטשע ווערטעל, אַז „קיין זאַך ווערט ניט געגעסען אַזוי הייס, ווי זי ווערט געקאָכט". אויך ניעטצשע'ס „גזלנ'ישע רייד" בעקומען א גאַנץ אַנדער זין, ווען מען טראַכט זיך טיעפער אריין אין זיין געדאַנק.

שוין אין איינעם פון זיינע פּריוואַטע בריעף, וואָס זענען ערשיענען נאָך זיין טויט, דערצעהלט ניעטצשע זיינעם א פריינד, אַז ער ערלויבט זיך דערפאַר אַזוי שטאַרק צו טרייסלען אונזער גאַנצע מאָראַל, ווייל די דאָזיגע מאָראַל איז שוין אריינגעגאַנגען אין אונזער פלייש און בלוט, שוין געוואָרען אַן אינסטינקט אין אונז און קיין טהעאָרעטישער טרייסלען וועט ניט זיין ביכולת פאַ־

נאַנדערצושאָקלען זיי אין דעם לעבען. אין דער שפּעטערער צייט אָבער האָט ער הפּנים אַליין פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיגע מאָראַל איז נאָך ווייט צו זיין אַן אינסטינקט אין דעם מענשען און אַז ניעדריגערע ברואים, עהדער דער „מענש", קאָנען זיינע געדאַנקען אויסטייטשען שוין אויף אַ צו פּשוט'ען אופן. ער זעהט איין, זאָגט ער, אַז ער מוז „אַרומצאָמען זיינע געדאַנקען, ווייל אַז ניט, קאָנען חזירים אַריינרייסען זיך אין זיי".

פאַר „חזירים" האָט ניעטצשע ניט געשריעבען, און חזירים האָבען באמת ניט וואָס צו זוכען אין זיין גאָרטען...

דער צאַם אַרום זיינע געדאַנקען ליעגט אין דעם גרונד־געדאַנק גופא פון „לעבען צוליעב זיך". מען דאַרף נאָר פאַרשטעהן, וואָס און וועמען מיינט ניעטצשע, ווען ער רעדט וועגען דעם „זיך". מיינט ער דערמיט, אפשר, די תאוות און בעדערפעניסען פון דעם גוף: דאָס עסען, טרינקען, שלאָפען און דאָס „וואויל־בעקומען"? אָבער אין די זאַכען און אין אַלע אַנדערע פּרטים פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען איז קיין מענש ניט קיין „איך"; אין זיי האָבען אַלע יונים דעמזעלביגען פּנים. די טאָג־טעגליכע בעדערפעניסען זענען עס, וואָס מאַכען אַלע מענשען צו איין גרויסע סטאַדע, פון וועלכער עס דאַרף זיך אַרויסרייסען דער „אויבער־מענש" און אי־בער וועלכער ער דאַרף זיך אַוועקשטעלען. מיט וואָס ווערט דער אויבער־מענש אָבגעשיידט פון דעם מענשען? מיט דעם, וואָס אַ חוץ די אַלע טאָג־טעגליכע „מענשליכע" „צופיעל־מענשליכע" נויי־טען, אַנשויאונגען און געפיהלען, בּרענט אין איהם אין דער ברוסט אַ שטרעבען — פאַנאַנדערצורייסען די ענגע גרענעצען פון דעם וואָכעדיגען זיין און אַרויסרייסען זיך ערגעץ וואו אין דער הויך, אין דער גרויס, אין טיעף. ניט אַלע מאָל מוז איהם זיין קלאָהר, וואָס עס ברויזט אַזוינס אין זיין האַרצען. ס'איז אַן „ע פּ ע ס", וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געזעהן אין לעבען, וואָס קוואַלט אין איהם אינוועניג אָן, וואָס זיצט אין איהם ווי אַ „דבוק" און מאָלט איהם אויס אין כח־הדמיון ווייטע און ברייטע, ווען אפילו ניט אַלע מאָל קלאָהרע, האָריזאָנטען, און וואָס די אַרומיגע „סטאַ־דע" קען בשום אופן ניט פאַרשטעהן. קורץ, עס איז דאָס, וואָס טרייבט דעם מענשען אַרויסצוברענגען נאָך ניט געוועזענע זאַכען

אין דער וועלט, וואָס מאַכט דעם מענשען פאר א „זשעניע", פאר א „גדול" — אין דעם אמת'ען זינען פון דעם וואָרט. נאָר דער, וואָס האָט אין זיך יענע אינוועניגסטע, איינגעבוירענע „גדלות", האָט ניט נאָר אַן „איך", ווי אַלע אַנדערע בשר ודם'ס, נאָר אַן אייגענעם „זעלבסט", וואָס שיידט איהם אָב, דעם „איינעם" פון די „פיעלע אַל־צו־פיעלע". דורך דעם „זעלבסט", וואָס אין איהם, ווערט ער אַן „אויבער־מענש" און נאָר צוליעב יע־נעם „זעלבסט" זאָל ער לעבען.

פון וואַנען נעהמט זיך אין דעם מענשען יענער דבוק? — ניעטצשע מיינט, אַז דאָס קומט פון דער גרויסער וועלט־ענט־וויקעלונג. די מעטאַפיזישע קראַפט, וואָס הערשט אומעדום אין דער וועלט, וואָס בעשאַפט אַליין אַלע פאָרמען פון דעם וועלט־ליבען זיין, איז, לויט ניעטצשע, אַ שטאַרקער ברענענדיגער ווילען צו מאַכט. דאָס האָט ער, דער ווילען צו מאַכט, אַרויסגערופען אַלע העכערע און העכערע פאָרמען, וואָס געוועלטיגען איבער די ניעדעריגערע. און די וואָס זענען היינט די הערשער, וועלען זיין אין דעם היסטאָרישען מאָרגען די בעהערשטע, ווען פון זיי גופא וועט זיך אַרויסוויקלען אַ העכערער טיפּ. אַקוראַט ווי דער מענש האָט זיך אַרויסגעוויקעלט פון דער מאַלפּע, אַזוי וועט זיך דער „אויבער־מענש" אַרויסוויקלען פון דעם „מענשען" און וועט געוועל־טיגען איבער איהם. די „זשעניען" אויף אַלע פעלדער פון דער מענשליכער קולטור זענען דאָס די אַנזאָגער, די פאָרלויפער פון דעם „אויבער־מענשען". אין זיי לעבט די פאָרשטעלונג פון אַ העכערען, בעסערען זיין, און געטריעבען פון יענער פאָרשטעלונג, צורייסען זיי אַלע קייטען, צוואוואַרפען אַלע צאַמען, צונעהמען אַלע יסודות פון יענער עקזיסטענץ, וואָס די מאַסען האָבען אויפגעבויט פאַר זיך. זיי זענען די העלדען, דאָס ציעל פון דעם גאַנצען אַל־וועלטליכען זיין. אָבער וויפיעל מוז דער העלד אויסשטעהן אין זיין לעבען! וויפיעל יסורים פון די אַרומיגע און — נאָך מעהר — וויפיעל אונצופריעדענקייט מיט זיך אַליין, וויפיעל חבלי־לידה, אמת'ע געבורטס־וועהען פון דעם נייען געדאַנק, וועלכען ער טראָגט אין זיך! דער אמת'ער „אויבער־מענש", וועלכען ניעטצשע האָט אין זינען, האָט אַ סך מעהר יסורים איידער פערגעניגען. אָבער

אין די יסורים, אין זיין טראַגישען ראַנגלען זיך מיט זיך און דער וועלט, ליעגט דער גאַנצער זין פון זיין זיין, ווייל נאָר אין דעם „איבער־מענשליכען" אָנשטרענגען פון אַלע אינוועניגסטע כחות, אין דער משונה׳דיגער אומרוה, וואָס הערשט אין דער ברוסט, אין דעם געוואַלטיגען רייסען זיך אַרויס פון דעם פערגליווערטען „היינט" ווערט געבוירען דער גרויסער „מאָרגען", וואָס הויבט אויף די גאַנצע וועלט־שעפּפונג אויף אַ העכערע מדרגה.

איהר זעהט: ס׳איז ניט קיין לייכטע זאַך — לעבען צוליעב דעם אייגענעם „זעלבסט". און ניט קיין „זיסע קאַווע מיט פּוטער־פּלעצלעך" מאָלט ניעטצשע אויס פאַר דעם „אויבער־מענשען". צו קאַמפּף און ליידען רופט איהר איהם, צו ליידען — ליידען אָהן אַ שיעור... ניעטצשע, דער פּרעדיגער פון עגאָאיזם, איז בשום אופן ניט דער נביא פון יענער ליעבע צו זיך, וואָס יאָגט זיך נאָך תענוג פון דעם אייגענעם גוף, אָדער אפילו נאָך גייסטיגע תענוגים פאַר דער נשמה. דער „אויבער־מענש" טראַכט ניט וועגען זיין „איך" און וועגען תענוגים, ווייל יעדער תענוג איז אַ בעפריעדיגונג, אַ רוה, אַ דערגרייכטער ציעל, אַן אָבשטעל אין דער ענטוויקעלונג, בעת דער זעלבסט פון „אויבער־מענשען" איז דורכאויס אומרוה, אין גאַנצען אַן אָנגעשטרענגטער שטרעבען צו עפּעס אַ גרויסע זאַך אין קונסט אָדער וויסענשאַפט, אָדער פילאָסאָפיע אָדער עפענטליכען לעבען, וואָס קאָן קיינמאָל ניט פערווירקליכט ווערען אין איהר גאַנצקייט. די איינציגע טרייסט, וואָס דער אויבער־מענש האָט, איז — וואָס די טיעפע ליעבע און ליידענשאַפט צו דער גרויסער זאַך, מאַכט אין איהם פערשטומען אַלע דאגות און צרות, אַלע פריידען און הנאות פון דעם אייגענעם „איך". בלייבען בלייבט איהם נאָר — די שעהנקייט פון דעם טראַגי־שען לעבען.

איהר זעהט: אויף דעם גרונד פון ניעטצשע׳ס געדאַנק בעגעגענען מיר זיך ווידער מיט „יסורים של אהבה", ווי ביי טאָל־סטאָי׳ען. דאָרטען — ביי טאָלסטאָי׳ען — ליידען און קרבנות אויס ליעבע צו דעם צווייטען; דאָ, ביי ניעטצשע׳ן — ליידען און קרבנות צוליעב אַ גרויסען ענין, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט

דער אייגענער נאַטור, מיט דעם אייגענעם „זעלבסט“; צוליעב אַ גרויסען און רייכען אינהאַלט, וואָס האַלט אין שטענדיגען אויפ־רודערן די מענשליכע נשמה. אוים ליעבע און ליידענשאַפט צוליעב דעם אינהאַלט ווערט מען — און מען זאל ווערען — ניט נאָר „אַ גזלן“ אויף זיך אַליין, נאָר אויך אַ „גזלן“ אויף דער גאַנצער מענש־הייט, וואָס וויל זיך שטעלען דעם „איבער־מענשען“ אין וועג.

דאָס איז ניעטצשע'ס „יושר“, דאָס „העכסטע גוט“, וואָס ער אַנטפּלעקט דעם מענשען.

נו — און ווי שטעלט זיך צו די אַלע פּראָבלעמען — אי צו טאָלסטאָי'ען, אי צו ניעטצשע'ן — דער דריטער דענקער, קאַרל מאַרקס?

קאַרל מאַרקס האָט ניט דערלעבט, ניט דעם טאָלסטאָיאַניזם, ניט דעם ניטשעאַניזם. ער איז געשטאָרבען, ווען פון זייערע ביי־דענס מאָראַלישע אַנשויאונגען האָט מען נאָך גאָר גישט ניט גע־הערט. אָבער זיינע געדאַנקען זענען געבליעבען לעבען, און זיי פלעכטען אריין אין דער ירושה פונ'ם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט אַ נייע שטים, וואָס וויל פערהילכען אי טאָלסטאָי'ם „אַלטרואיזם“, אי ניעטצשע'ם „עגאָאיזם“.

וואָס איז „גוט“? וואָס איז „שלעכט“? לעבען צוליעב דעם אַנדערן אָדער לעבען צוליעב דעם אייגענעם זעלבסט?ביידע דענ־קער — אי ניעטצשע, אי טאָלסטאָי — טרעטען אַרוים מיט אַב־סאָלוט זיכערע ענטפערם פאַר אַלע דורות און אַלע צייטען. וואָלט מאַרקס זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, וואָלט ער געפונען, אַז זיי זענען ביידע אריינגעפאַלען אין אַ קינדיש־נאַאיווען טעות. זיי זוכען „דאָס העכסטע גוט“, צו וועלכען דער מענש זאָל שטרעבען, און זיי מיינען, אַז דער מענשליכער שכל קאָן אַרויסברענגען אַזאַ אייביגען אבסאָלוטען אידעאַל. דער מענשליכער שכל איז אָבער אין די ענינים פון „גוט“ און „שלעכט“, „יושר“ און „עולות“, „אייביגע אמת'ען“ און „הייליגע פּרינציפּען“ ניט קיין זעלבסט־בעשאַפענדע קראַפט, וואָס שעפּט פון זיך אַליין אַרוים דעם אינ־האַלט פון איהרע הייליגקייטען. דער וואָס שטודירט די ענטוויי־קעלונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט און טיעפט זיך אריין אין איהרע געזעצען, יענער קאָן אויפ'ן שטעל איינזעהן, אַז די מענש־

ליבע געדאַנקען וועגען אַזעלכע זאַכען, ווי מאָראַל און רעליגיאָן, זענען ניט מעהר, ווי שאָטענס, וואָס ווערען אַרויסגערופען דורך דעם ווירקליכען גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. וואָס פאַר א לעבען די געזעלשאַפט פיהרט, אַזא מאָראַל האָט זי. אויף וואָס פאַר אַן אופן זי קעמפפט מיט דער נאַטור פאַר די זינדיגע ערדישע גיטער, אַזא הימעל פון אידעאַלען בויט זי זיך איבער איהר קאָפּ. און אין יעדער געזעלשאַפט גופא איז דער מאָראַלישער אידעאַל פערשיידען, לויט יענעם עקאָנאָמישען קלאַס, וואָס ברענגט איהם אַרויס. די מאָראַל פון די שקלאַווען קאָן ניט זיין די מאָראַל פון די הארען; די אידעאַלען פון דעם פּראָלעטאַריער קאָנען ניט שטימען מיט די אידעאַלען פון די בעלי-בתים. נאָך מעהר! די גאַנצע איינטיילונג פון דער מענשליכער וועלט אין „אידעאַלען“ און „ווירקליכקייט“, אין מאָראַליש „גוט“ און מאָראַליש „שלעכט“ איז — לויט מארקס — ניט מעהר ווי אַן אָבשיין פון יענעם פאַקט, וואָס די געזעלשאַפט איז איינגעטיילט אין קלאַסען, וועלכע פיהרען איינער מיט דעם אַנדערען א ביטערען קאַמפּף.

וואָס פאַר א זין האָט עס דעריבער צו פרעגען: צו וועלכע „אידעאַלען“ זאָל דער מענש שטרעבען און וואָס איז „באמת“ גוט אָדער באמת „שלעכט“? די שטרעבונגען פון די גרויסע מאַסען ווערען דיקטירט פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע, פון זייער דאגת-חיונה“, פון זייער קאַמפּף פאַר בעסערע לעבענס-בעדינגונגען, און די „אידעאַלען“ זייערע מוזען זיין צוגעפּאַסט צו יענער לאַגע און צו יענע דאגות. קיין אידעאַל, ווי שעהן ער זאָל ניט זיין אויסגעטראַכט פון דעם איינצעלנעם מענשען, — וואָס פאַר א „זשעני“ יענער מענש זאָל ניט זיין, — האָט סיי ווי סיי ניט קיין שאַנסען אָנצוצינדען די הערצער פון די גרויסע מאַסען, אויב ער קאָן ניט בעפריעדיגען די אויבען דערמאָהנטע בעדינגונגען, אויב ער איז ניט צוגעפּאַסט צו דער סאָציאַלער לאַגע פון געוויסע פאָלקס-שיכטען. און אויב ער דרינגט יע אריין אין די מוחות און די הערצער פון א גרויסען טייל פונ'ם פאָלק, איז דאָס ניט דערפאַר, ווייל אין איהם שטעקט אַן אַבסאָליוטער אמת, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס ער האָט צוגעטראָפען צו דער בעשטימטער עקאָנאָמישער לאַגע און צו גאַנץ בעשטימטע קלאַסען-אינטערעסען, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסען פון

יענער עקאָנאָמישער לאַגע. עס וועלען זיך איבערבייטען די עקאָ־נאָמישע אומשטענדען און מיט זיי וועלען זיך ממילא איבערבייטען די אינטערעסען און מיט די אינטערעסען — אויך דער אידעאַל.

אַנשטאָט צו ברעכען די מוחות אויף דער פראַגע, וואָס איז „באמת" גוט און וואָס איז „באמת" שלעכט, לאָמיר, זאָגט מארקס, בעסער אויסשטודירען דעם נאַטירליכען גאַנג פון דער געשיכטלי־כער ענטוויקעלונג, לאָמיר מיט דער הילף פון שטרענגע וויסענשאַפט־ליכע פאָרשונגען, זעהן, וואוהין טראָגט דער שטראָם פון דעם מענשליכען פראָגרעס, וועלען מיר יעמאָלט אויף זיכער וויסען, וועל־כע פאָרמען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען עס מוזען ארויסקומען פון די אייזערנע עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייטען, וואָס הערשען איצט.

אזא וויסענשאַפטליכע ארבייט, מיינט מארקס, איז שוין גע־מאכט געוואָרען. א דאנק זיינע אייגענע פאָרשונגען ווייסען מיר, וואָס עס טהוט זיך אין דער איצטיגער געזעלשאַפט און וואָס עס מוז על פי נויטווענדיגקייט זיין דער רעזולטאַט פון דער איצטיגער ענט־וויקעלונג. עס שפּיעלט זיך איצטער אָב א ביטערער קאַמפּף צווישען דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. עס מוז קומען צו א צוזאַ־מענשטויס צווישען זיי און אויב דער דאָזיגער צונויפשטויס וועט זיך ניט ענדיגען מיט א קראַך פון דער גאַנצער מענשליכער קולטור, וועט יעמאָלט דער נצחון מוזען געהערען דעם פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט וועט אינגאַנצען איבערבייטען די יסודות פון דעם איצטיגען לעבען. אַנשטאָט דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט וועט איינגעפיהרט ווערען די סאָציאַליסטישע. פּריוואַט־אייגענטום און געזעץ, רעליגיאָן און פאַמיליע וועלען פערשווינדען און מיט זיי, ממילא, וועלען אויך פערשווינדען יענע „מאָראַלישע" אידעען, יענע געדאַנקען וועגען „גוט" און „שלעכט", „יושר" און „עולות", וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אין דער צייט פון זייער הערשאַפט.

וועט אָנשטאָט דער אַלטער מאָראַל אויסוואַקסען א בעסערע, א שעהנערע? פון דעם ריין מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט איז גאָר ניט שייך צו שטעלען אזעלכע פראַגען. דער מאַרקסיזם האַלט, אז „גוט" און „שלעכט", „בעסער" און „ערגער" זענען ניט מעהר ווי „שאָטענס", אָבשפּיעגלונגען פון געוויסע רעאַלע ערשיינונגען, וואָס

זענען פאַר זיך ניט „גוט" און ניט „שלעכט". אויב אין דער סאציאַ־ליסטישער געזעלשאַפט וועט אויסוואַקסען אַ מאָראַל, וועט זי געוויס פון שטאַנדפונקט פון יענער צייט, זיין די „בעסטע" און די „שעהנ־סטע". מיט אַ סך אַ גרעסערען רעכט מעג מען אוועקשטעלען די פראַ־גע: צי וועט בכלל אין דער סאציאַליסטישער געזעלשאַפט זיין פּלאַץ פאַר אַ וועלכער עס איז מאָראַל?

קאַרל מאַרקס האָט אַ לאַנגע צייט געגלויבט, אַז די גאַנצע מאָראַל, — אַלע איינס, אין וואָס עס זאָלען ניט בעשטעהן איהרע אידעאַלען, — וועט אָבשטאַרבען מיט דעם איצטיגען לעבען; אַז אין דער צוקונפט וועט די מאָראַל אַקוראַט אַזוי פערגעסען ווערען, ווי עס וועט ווערען פערגעסען די רעליגיאָן.

מאַרקס קאָן דעריבער צוגערעכענט ווערען צו די טהעאָרעטישע געגנער פון דער מאָראַל, — וועניגסטענס, דער מאַרקס פונ'ם „מאַניפעסט". מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז ער איז געווען אַ געגנער פון „מאָראַל" אין דעם זעלביגען זין, ווי שטירנער בשעתו אָדער שפּעטער אין רוסלאַנד — טשערנישעווסקי, וואָס האָבען גע־וואָלט אוועגשטעלען אָנשטאָט דער מאָראַל און דער טוגענד — דעם „פערנינפטיגען אייגענעם אינטערעס", ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז אַזאַ פּרינציפּ קאָן אַ סך בעסער פיהרען צו אַ הומאַנישען לעבען אין דער געזעלשאַפט, איידער די „אָהנמעכטיגע" „טוגענד". קאַרל מאַרקס איז געווען גאַנץ ווייט פון די דאָזיגע שטירנער'שע געדאַנ־קען. די מאָראַל וועט פערשווינדען, זאָגט ער אינ'ם „מאַניפעסט", ווייל דער קלאַסען־קאַמפּף וועט פערשווינדען, ווי זי איז געבאָרען געוואָרען, דערפאַר, ווייל דער קלאַסען־קאַמפּף האָט זיך אריינגערי־סען אין לעבען. אין אָט דער בעמערקונג ברענגט מאַרקס ארויס אַ שעהנעם און טיעפען געדאַנק. אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואו עס איז נאָך ניט געוועזען קיין קאַמפּף פון אינטערעסען, וואו אלע האָבען געלעבט ווי ברידער אין איין משפחה, האָט די העכסטע „טוגענד" געהערשט אין לעבען און דערפאַר האָט מען זיך וועגען איהר גאָר ניט געקימערט אין געדאַנק. עס איז ניט געווען קיין מעג־ליכקייט צו בעגעהן עולות, האָט מען דערפאַר ניט געדאַרפט איינטיי־לען די ערשיינונגען אין יושר'דיגע און ניט־יושר'דיגע. ערשט אַז עס האָט זיך אנגעהויבען אַ קלאַסען־קאַמפּף, געטריבען פון פערשיידענע

עקאָנאָמישע אינטערעסען, איז די נאַטירליכע עטיק פון דעם מענ־שען׳ס נאַטור פערטריבען געוואָרען פון לעבען — און די מאָראַל האָט אָנגעהויבען אַרומצוטראָגען זיך אין די מענשליכע מוחות. עס האָבען זיך בעוויזען „עולות" און דערמיט גופא די נויטווענדיגע איינטיילונג פון ערשיינונגען אין „גוט" און „שלעכט". אין דער צוקונפט אָבער, גלויבט מאַרקס, וועלען די עולות ווידער פערשווינ־דען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, ווייל עס וועט פאַר זיי קיין פּלאַץ ניט זיין אין לעבען, און ממילא וועט די „מאָראַל" ווידער פערשווינדען פון די מענשליכע מוחות.

א שעהנער און טיעפער געדאַנק, וואָס דערמאָהנט אַביסעל אָן דער ביבלישער דערצעהלונג וועגען דעם גן־עדן און דעם „עץ־הדעת". דאָרטען ווערט דער מענש אַרויסגעטריעבען פון גן־עדן, ווייל ער האָט פערזוכט פון דעם בוים, וואָס גיט מאָראַלישען וויסען וועגען „גוט" און „שלעכט". נאָך מאַרקס׳ געדאַנק איז דער מענש פריהער אַרויסגעטריעבען געוואָרען פון דעם אור־קאָמוניסטישען גן־עדן און דערפאַר האָט ער זיך פעראינטערעסירט מיט דער מאָראַלישער פרוכט. ער וועט ווידער פערגעסען אָן איהר, ווען ער וועט ווידער אריין אין גן־עדן. ביידע אָבער, סיי די ביבעל, סיי קאַרל מאַרקס, — האָבען, הפּנים, געגלויבט, אז צו א גן־עדן לעבען איז דער מאָראַלי־שער „עץ הדעת טוב ורע" א גאַנץ איבעריגע מעשה.

א שעהנער און טיעפער געדאַנק!

אָבער מאַרקס האָט, משמעות, אַליין שפּעטער איינגעזעהן, אז ער קוקט שוין צו אָפּטימיסטיש אויף די מענשליכע נאַטור.

אין איינעם מיט ענגעלס׳ען איז ער דעריבער געקומען צו דעם רעזולטאַט, אז די מאָראַל וועט ניט פערשווינדען אין דער צוקינפ־טיגער געזעלשאַפט און אז אין דער איצטיגער צייט איז זי אודאי ניט קיין איבעריגע זאַך. אָבער די אַלטע וועגען, ווי אַזוי אויסצוגע־פינען דעם „אמת׳ען" „יושר", האָבען זיי אין גאַנצען אָבגעלייקענט, ווי פריהער. כל זמן עס הערשט דער קלאַסען־קאַמפּף — דאָס איז געווען פאַר זיי קלאָהר — קאָן ניט זיין קיין איין איינציגע אַלגעמיין־מענשליכע מאָראַל. די מאָראַל פון דעם קאַפּיטאַליסט קאָן ניט טוי־גען פאַר דעם פּראָלעטאַריער, און פון דעם פּראָלעטאַריער׳ס „יושר" געהט דורך א שווידער איבער דעם לייב פון דעם קאַפּיטאַליסט. און

עס איז ניטאָ קיין אַבסאָלוטער מאָס־שטאַב, וואָס זאָל אונז ווייזען, ווער פון זיי איז באמת גערעכט. די טעאָרעטישע נפקא מיניה צווי־שען די צוויי „יושר׳ן" בעשטעהט אָבער אין דעם — וואָס די הער־שענדע מאָראַל פון דעם קאַפּיטאַליסט שפּיעגעלט אין זיך אָב ער־שיינונגען און לעבענס־פּרינציפּען, וואָס זענען שוין פון דער געשיכ־טע פער׳משפּט געוואָרען צום טויט. בעת דער יושר פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס דריקט זיך אויס אין זיין רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף אַנטקעגען אַלע יסודות פון דער איצטיגער געזעלשאַפט, דריקט אין דער זעלביגער צייט אויס דעם יושר פון דער צוקונפט.

אין פלוג קאָן אויסדוכטען אַז אַזאַ ריין היסטאָרישער בליק אויף די פּראָבלעמען פון מאָראַלישען לעבען קאָן איבערהויפּט ניט צולאָזען קיין מאָס־שטאַב פאַר „גוט" און „שלעכט". ניט נאָר קיין אַבסאָליוטען, נאָר אויך קיין רעלאַטיווען. עס פאַלט איבערהויפּט אַראָב יעדווועדער מאָראַלישער גזר־דין, אָדער אפילו יעדע מאָראַלישע עצה, צו וועלכען „יושר" מיר זאָלען צושטעהן. עס דוכט אויס, ווי מאַרקס וואָלט אונז אויף אַלע אונזערע אונרוהיגע האַרץ־וועהטאָגען און קאָפּ־מאַטערניסען, געענטפערט, אַז דאָס איז, אייגענטליך, ניט זיין באָבע׳ס דאגה. מיט וועלכער מאָראַל זאָל מען לעבען? עס ווענדט זיך אָן דעם, מיט וועמעס אינטערעסען עס איז אָנגעפילט דאָס האַרץ. אַהרט דיך פאַר די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען און זיינען דיר טהייער די גרונד־פּרינציפּען פון דער איצטיגער געזעלשאַפט, געה צו זיי און לעב מיט זייער יושר. ציהט אָבער דיין האַרץ אָדער דיין אינטערעס צו די פּראָלעטאַריער און זייערע אידעאַלען פון דער צוקונפט, איז יעמאָלט שטעה־צו צו דער קעמפּ־פענדער אַרמעע און ווער אַ סאָציאַליסט. איןביידע פעלען ביזטו אַ פּראָדוקט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען, אין ביידע פעלען ביזטו גלייך „גערעכט" אָדער גלייך „אונגערעכט".

— און די ליידען פון די מאַסען, וואָס ווערען פערשטאַרקט פון דעם קאַפּיטאַליזם, זיינען זיי ניט גענוג, צו ווייזען אונז דעם וועג, אין וועלכען מיר מוזען געהן?

— די ליידען פון די מאַסען, ענטפערט אונז דער מאַרקסיזם, זיינען דערווייל געשיכטליך־נויטווענדיגע ליידען. רחמנות און ווייבקייט איז דאָ ניט אויפ׳ן פּלאַץ. ווי דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע

לעבען, מוז מען אויך זיי בעטראַכטען ריין אָביעקטיוו, ווי דער זיידע שפינאָזא האָט געלערענט: „ניט וויינען, ניט לאַכען, נאָר פער־שטעהן"...

קאַלט, פּראַסטיג קאַלט ווייזט דאָ אויס דער מאַרקסיזם. אָבער דאָס דוכט זיך נאָר אַזוי. דאָ ווערען די זאַכען באמת ניט געגעסען אַזוי קאַלט, ווי זיי ווערען קאַלט צוגעגרייט. עס איז גענוג איבערצו־לייענען קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל", ענגעלס'עס „די לאַגע פון דער אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד", אָדער אַוועלכע עס איז אַנדערע ערנ־סטע מאַרקסיסטישע פאָרשונג, און מען קאָן גאַנץ גרינג געוואָהר־ווערען, וואוהין עס ציהען זייערע געפיהלען. מעג דער מוח זיך טראַכטען וויפיעל ער וויל, אַז דער יושר פון דעם קאַפּיטאַליסט איז אין דעם „אבסאָלוט", אין דעם גרויסען וועלט־געשעהען, אַקו־ראַט אַזוי יושר'דיג, ווי דער יושר פון דעם פּראָלעטאַריאַט, — דאָס האַרץ זייערס קאָן זיך מיט אַזא געדאַנק ניט אויסאייינען. עס רעוואָלטירט און שרייט אַרויס אויף שריט און טריט: „און פון דעסטוועגען זייט איהר, קאַפּיטאַליסטען, די אונטערדריקער און אייערע הענד זיינען אויסגעשמירט אין דעם בלוט פון אייערע ברי־דער. איהר פערדיענט ניט צו טראָגען דעם נאָמען מענש און מיר קעמפּפען פאַר אַ צייט, אין וועלכער דער מענש זאָל זיך קאָנען פאָנאַנדערבליהען אין זיין העכסטער מאָראַלישער פּראַכט!"

עס קאָן דעריבער גאַר קיין ברעקעל ספק ניט זיין וועגען דעם, וואָס איז דער יושר פון קאַרל מאַרקס און צו וועלכען אידעאַל ער רופט אונז. פון אַלע זיינע רעד — און נאָך מעהר ווי פון זיינע רעד, פון זיין גאַנצען קריסטאַל־קלאָהרען לעבען, קלינגט צו אונז איין איינציגער אויסגעשריי: „לעב ניט צוליעב זיך! לעב צוליעב דער געשיכטליכער ענטוויקעלונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט! לעב צוליעב דער פערווירקליכונג פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל! דאָס און נאָר דאָס איז דאָס העכסטע „גוט", צו וועלכען אַ פערנינפ־טיגער מענש זאָל שטרעבען!"

דריי דענקער, דריי טהעאָרעטישע סיסטעמען, דריי פערשיי־דענע יושר'ס! און פון דעסטוועגען זענען זיי אַלע דריי — קינדער פון דעם ראַדיקאַלען געדאַנק, פאַרשטעהער פון דער צווייטער

העלפט פון דעם נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט און פון זיין א י י ן־א י י נ צ י ג ע ן י ו ש ר.

לאָזט זייערע טעאָרעטישע ספסוכים אויף א ווייִלע אָן א זייט! הערט זיך צו צו די שטימען פון זייערע הערצער און שטודירט אוים זייער שטעלונג צו דער איצטיגער געזעלשאפט. פרעגט זיי ניט וועגען דעם, וואָס זיי וואָלטען געוואָלט מאכען פון דעם מענשען, מיט וואָס זיי וואָלטען וועלען אָנפילען זיין נשמה. פרעגט בעסער, פון וואס וואָלטען זיי געוואלט פּטור ווערען אין דעם איצטיגען לעבען, וואָס וואָלטען זיי אויסגעריסען פון איהם מיט'ן וואָרצעל — און איהר וועט ווערען פערוואונדערט, ווי האַרמאָניש און סאָלידאריש עס שלאָגט דער פּולס פון זייער געדאנק.

לאָמיר בקיצור דורכנעהמען זייער שטעלונג צו די גרונד־פעסטען פון דעם איצטיגען לעבען.

דעם ערשטען כבוד מוזען מיר אָבגעבען דעם וויכטיגסטען ווינקעל־שטיין פון דעם געזעלשאפטליכען געבײַ, דעם פּרינציפּ פון פּ ר י וו א ט־א י י ג ע נ ט ו ם. אז קאַרל מאַרקס, דער מחבר פונ'ם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" איז געווען א ביטערער געגנער פון פּריוואט־אייגענטום, דאָס איז ניט נויטיג צו דערקלעהרען. אָבער אויך טאָלסטאָי איז איהם ניט נאָכגעשטאַנען אין דעם פּרט. פּריוואט־אייגענטום איז דער פּרינציפּ פון „מיין־און־דיין". ממילא קאָן נאָר יענער זיין אָן אָנהענגער פון דעם דאָזיגען פּרינציפּ, ווער עס מיינט, אז א מענש האָט א רעכט ארויפצולעגען זיין האנד אויף א טייל פון דער וועלט'ס רייכקייטען און זאָגען: „דאָס איז מיין! צו דעם טאָרסטו זיך ניט צוריהרען, דאָס דאַרף איך פאַר זיך!" קוים זאָגט איהר אָבער אינאיינעם מיט טאָלסטאָי'ען, א ז א י ך פ א ר ז י ך ד א ר ף ג אָ ר נ י ש ט, אז דער גאַנצער זין פון מיין לע־בען איז נאָר אָוועגצוגעבען עס פאַר דיר, הערט שוין אויף יעמאָלט אין גאַנצען דער „מיין". אלץ וואָס דו זעהסט ביי מיר, אלץ וואָס דיר געפעלט, קאָנסטו און מעגסטו אָוועגנעהמען פון מיר, און ווען דו וועסט ביי מיר צונעהמען דאָס קלייד, וועל איך דיר אויך אָוועג־געבען די לעצטע העמד פון מיין לייב. און אַזוי ווי יעדער מוז, לויט טאָלסטאָי, טראַכטען און פיהלען אויף דעם זעלביגען שטייגער,

מוזען פערשווינדען אַלע „מיינס“ און אין איינעם מיט זיי אַלע „דיינס“. עס מוז פערשווינדען דאָס אייגענטום־רעכט.

טאָלסטאָי איז געווען אַ קלאָהר אויסגעשפּראָכענער קאָמוניסט נים ווענינער ווי די אידישע איסיים, פון וואַנען עס האָט זיך גענו־מען דער גאַנצער קריסטענטום; ער איז געווען אַ געגנער פון דעם אייגענטום־רעכט אין דעם זעלביגען זין, ווי דאָס זיינען געווען די בעגרינדער פון דעם קריסטליכען גלויבען — ישו און זיינע ערסטע תלמידים.

אָבער אפילו דער „עגאָיסט“ ניעטצשע, „די גזלנ׳ישע הארץ“, האָט אויך ניט געקאָנט זיין קיין אָנהענגער פון דעם רעכט אויף איי־גענטום. טראַכט זיך נאָר אַביסעל בעסער אַריין אין דעם ענין און איך וועט קלאָהר זיין, אַז דאָס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין. דאָס איי־גענטום־רעכט איז, ווי מיר האָבען נאָר וואָס געזעהן, אויפגעבויט אויף צ ו ו י י פּרינציפּען: אויף „מיין“ און „דיין“. וואָס „מיי־נע“ איז „מיין“ און דו האָסט קיין רעכט ניט אָהן מיין ערלויבנים צוצוריהרען זיך צו דעם, און וואָס „דיינע“ איז „דיין“ און איך האָב קיין רעכט ניט אָהן „דיין“ ערלויבנים צו בענוצען זיך מיט דעם. ווי־באַלד אָבער איך גראָב אונטער איין איינציגען פון די דאָזיגע פּרינ־ציפּען, אַזוי פאַלט פונאַנדער דאָס גאַנצע אייגענטום־רעכט. טאָל־סטאָי האָט אונטערגעגראָבען דעם פּרינציפּ פון „מיין“; ניעטצשע וואָרצעלט אויס דעם פּרינציפּ פון „דיין“. קוים איז מיר קיין זאַך ניט פערוועהרט (אַללעס איסט ערלויבט) צוליעב דער ענטוויקעלונג פון מיין „זעלבסט“, קוים האָב איך מיט קיינעם מיך ניט צו רעכע־נען, ווען אין קאָן שטעהט דער קאַמפּף פאַר דעם בעסערען טייל פון מיין איך, קאָן מיר אויך קיינער ניט זיין אין וועג, איך זאָל מיר צונעהמען דאָס, אין וואָס איך נויטיג זיך באמת. איך קאָן ניט האָבען קיין דרך־ארץ פאַר דעם „דיין“, אַלץ איינס, צי דו געהערסט צו דער גרויסער מאַסע, וואָס האָט איבערהויפּט ניט מעהר ר ע כ ט אין מיינע אויגען, ווי די אָקסען און שעפּסען, אָדער ווען אפילו דו ביזט אַקוראַט אַזאַ „איבער־מענש“ ווי איך אַליין; — ווייל אויך פאַר אונז, אויבער־מענשען צווישען זיך, הערשט דערזעלביגער כלל פון „אַללעס איסט ערלויבט“. און ווייבאַלד פון אונזער צווישען־לעבען פערשווינדען די „דיינס“, מוזען ממילא אויך פאַנאַנדערפאַלען די

„מיינס". אַט דער נויטוועדיגער פועל־יוצא פון ניעטצשע'ס אויבער־מענש־טעאָריע און זיין ראַדיקאַלען „עגאָיזם" איז קלאָהר געשטאַנען פאַר זיינע אויגען, בעת ער האָט געשילדערט דאָס לעבען פון די „אויבער־מענשען" צווישען זיך: פאָלשטענדיגע ברידערשאַפט הערשט צווישען זיי, אָהן וועלכע עס איז גרענעצען און „פערבאָטען".

איהר זעהט: דער עקסטרעמער „בטול היש" פון דעם „אַלטרו־איסט" טאָלסטאָי און דער עקסטרעמער „אני ואפסי עוד" פון דעם „עגאָיסט" ניעטצשע, גיסען זיך אין דער אייגענטום־פראַגע ביידע צונויף אין דעם קאָמוניזם פון אַ קאַרל מאַרקס.

צו אַן עהנליכען רעזולטאַט קומען מיר, ווען מיר פערגלייכען זייערע דרייענס אידעען וועגען דעם צווייטען ווינקעל־שטיין פון אונ־זער געזעלשאַפטליכען געביי — דעם געזעץ, אָדער דעם ש ט אַ אַ ט. די מאַכט פון דעם שטאַאַט רוהט אויף דעם געזעץ. אויף וואָס רוהט אָבער די מאַכט פון דעם געזעץ? נישיים נישט מעהר ווי אויף דעם שטיקעל פאַפּיער, אויף וועלכען דאָס געזעץ איז געשריעבען אָדער געדרוקט? נישיים ליעגט זיין גאַנצע קראַפט נאָר אין דעם, וואָס אין איהם ווערט אויסגעדריקט דער ווילען פון דעם געזעצגעבער? און ווי איז, אַז איך האָב ניט קיין ברעקעל רעספּעקט פאַר דעם ווילען פון דעם געזעצגעבער און וויל איהם ניט פאָלגען? וואָלט די גאַנצע מאַכט פון דעם געזעץ געלעגען נאָר אין מיין רעספּעקט צו איהם, וואָלט זי אין גאַנצען צושמעטערט געוואָרען אָן מיין בייזען ווילען. דאָס געזעץ האָט אָבער אַ שטאַרקערע און זיכערערע שמירה, איידער דאָס וואָרט און דעם ווילען פון דעם איינצעלנעם. דער שטאַאַט היט אָב דאָס געזעץ דורך די ש ט ר אָ ף. איהר קאָנט מיך ניט צ ו ו י נ ג ע ן, איך זאָל טהאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איך וויל ניט, אָדער ניט טהאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איך וויל און קאָן. אָבער דער־פאַר קאָנט איהר מיך שלעפּען צום בית־דין, און דער בית־דין וועט מיך איבערענטפערען צום תליון, און דער תליון וועט מיר, אַלס שטראָף, אָנטהאָן ביטערע צרות, מיך כאַפּען פאַר'ן גאַרגעל און אין דעם ערגסטען פאַל — דערווערגען. אין דער לעצטער ליניע רוהט דעריבער די מאַכט פון דעם שטאַאַט אויף דער מאַכט אָנצוווענדען געוואַלט אַנטקעגען מיר, אָנצוטהאָן מיר בייז.

שוין דאָס אַליין איז גענוג, אַז טאָלסטאָי זאָל זיין אַ געגנער

פון איטליבען שטאַאַט און פון יעדוועדען געזעץ. וואָס פאַר א שלעכטס איינער זאָל ניט האָבען געטהאָן, וואָס פאַר א פערברעכען ער זאָל ניט האָבען בעגאַנגען, — ענטפער ניט, זאָגט טאָלסטאָי, מיט בייז אויף בייז, קעמפף ניט אַנטקעגען געוואַלט מיט געוואַלט. טריי ביז צו דעם עקסטרעם צו דעם ריינעם אור־קריסטענטום, וואָס פערוועהרט איינעם צו משפט'ען דעם אַנדערען, מוז טאָלסטאָי אויך פערלאַנגען, אז יעדער „משפט" זאָל אָבגעשאַפט ווערען און ממילא אויך יעדע שטראָף, יעדע געוואַלט, וואָס דער תליון ווענדט אָן אויף דעם פערברעכער· דורך דעם ווערט אָבער אין גאַנצען צוריעט יענער יסוד, אויף וועלכען עס האַלט זיך דער געזעץ און אין איינעם מיט דעם „געזעץ" פאַלט אויך פאַנאַנדער דער שטאַאַט. ניעטצשע וויע־דער מוז אונטערגראָבען דעם יסוד פון געזעץ און שטאַאַט שוין דער־פאַר, ווייל דער אויבער־מענש קאָן ניט אָננעהמען איבער זיך קיין איין מאַכט, וואָס זאָל האָבען דאָס רעכט צו פערצאַמען זיין ווילען.

אז ניעטצשע און טאָלסטאָי זענען געווען אַנאַרכיסטען אין דעם פולסטען און טיעפסטען זין פון דעם וואָרט, — דאָס איז איצ־טער שוין פאַר קיינעם ניט קיין סוד. א ביסעל שווערער ווערט דער פונקט, ווען מיר געהען איבער צו מאַרקס'ען. מאַרקס איז גאַנץ געוויס ניט געווען קיין אַנאַרכיסט, ניט נאָר פאַר דער איצ־טיגער צייט פון קאַמפף, ווען עס ליעגט אין די אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויסצונוצען די שטאַאַטס־מאַשין און מיט איהר הילף דערנעהנטערן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. ער איז גע־ווען א געגנער פון דעם אַנאַרכיזם אויך פאַר דער ווייטער צוקונפט, — אָבער בשום אופן ניט דערפאַר, וואָס דער אַנאַרכיזם שאַפט אָב דעם שטאַאַט און דאָס געזעץ, דעם פּיזישען צוואַנג, וואָס איין טייל מענשען ווענדט אָן אויף דעם אַנדער טייל. אין דעם פונקט איז קאַרל מאַרקס געווען פונקט אַזא אַנאַרכיסט, ווי א קראָ־פּאָטקין. דער מאַרקסיזם געהט זיך פאַנאַנדער מיט דעם אַנאַר־כיזם (א חוץ פאַר דער איצטיגער צייט) נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דער אַנאַרכיזם קעמפפט אַנטקעגען א גרויסער, צענטראַלי־זירטער עקאָנאָמישער באַלעבאַטישקייט, פאַר וועלכער מאַרקס שטעלט זיך איין. אָבער אויך דעם צענטראַליזירטען גיגאַנטישען מענשהייטס־קאָמוניזם, ווי קאַרל מאַרקס זעהט איהם פאָראויס,

קאָן מען זיך גאַנץ גוט פאָרשטעלען אָהן אַ ברעקעל שטאַאט, אָהן אַ ברעקעל פיזישען צוואַנג און שטראָף, ריין דורך פרייוויליגע אָבמאַכען, ווי יענע פרייוויליגע אָבמאַכען פון פאָלק צו פאָלק, וואָס הערשען איצטער אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען לעבען. איבער זיי איז ערגעץ ניטאָ קיין אויבערהאַר און קיינער האַלט ניט אויף זיי קיין בייטש אין דער האַנד. און אין דער אמת'ען האָט קאַרל מאַרקס טאַקע אַזוי געקוקט אויף דער צוקונפט. דער שטאַאט, ד. ה. די פיזישע מאַכט פון איין מענשען איבער דעם אַנדערן, איז פאַר איהם געוועזען אַ היסטאָרישער פּראָדוקט, ארויסגעוואַקסען פון פּריוואַט־אייגענטהום און קלאַסען־קאַמפּף, אַ שוץ־מיטעל פון די הערשענדע קלאַסען אַנטגעגען די בעהערשטע. אין אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס קאָנען ניט זיין קיין הערשענדע און בעהערשטע קלאַסען, קאָן, לויט מאַרקס, אויך ניט זיין קיין שטאַאט און קיין „געזעץ".

דאַרף מען נאָך זיך לאַנג אָבשטעלען אויף דער דריטער זייל פון דעם געזעלשאַפטליכען געביי, אויף דער קירכע און דער רעליגיאָן? בנוגע צו מאַרקס, דעם מאַטעריאַליסטישען אַטעאיסט, און צו ניעטצשע, דעם „אַנטי־קריסט", זיינען דאָ איבעריג אַלע פּירושים. אָבער אפילו דער „פרומער", „קריסטליכער" טאָלסטאָי, פאַר וועמען די רעליגיאָן איז דאָס העכסטע אין דער וועלט, איז געוועזען אַקוראַט אַזאַ פערביטערטער געגנער פון יעדער קירכע, יעדען הערשענדען, ארויפגעצוואונגענעם גלויבען, ווי יענע צוויי וועלט־בעריהמטע „אפּיקורסים". טאָלסטאָי וויים נאָר פון איין איינציגען מקור פאַר דער אמת'ער רעליגיע: דאָס אייגענע רעליגיעזע בעוואוסטזיין פון יעדען יחיד. אַ רעליגיע, וואָס זאָל אָנטפּלעקען פאַר וועמען עס איז וועלכע עס איז „אני מאמין'ס", וואָס יענער מוז אָננעהמען, אפילו ווען ער גלויבט ניט אין זיי, אָדער וואָס ער נעהמט אָן, ווייל ער פערשטעהט אליין ניט, אין וואָס אַזוינס ער מוז דאָ גלויבען, — אַזאַ רעליגיע איז דער ריינער היפּך פון דעם, וואָס זי דאַרף זיין. און אַ גלויבען, וואָס וויל זיך ארייַנמישען אין דעם אַנדערן'ס לעבען און צווינגען וועמען עס איז צו טהאָן, וואָס איהם געפעלט ניט, איז שוין ניט קיין גלויבען, נאָר אַ שטאַאט, אַ שטיק טייוועלשע מאַכט, צוגעדעקט מיט דעם

מאַנטעל פון אַ געטליכען געבאָט. אַראָבצורייסען דעם געטליכען מאַנטעל פון אַלע עקזיסטירענדע קירכען, קלאָהר בעווייזען פאַר דער וועלט די שטיק טייוועלשע מאַכט, וואָס שטעקט אין זיי, איז געוועזן איינע פון די ליעבלינגס־טהעמען, וועלכע טאָלסטאָי האָט אַזוי אָפט און ערנסט בעאַרבייט.

מיר בלייבט נאָך צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם פערטען יסוד פון דעם איצטיגען לעבען, דעם פאַמיליען־פּרינציפּ, — דעם קדשי־קדשים פון דער איצטיגער באַלעבאַטישער וועלט. דער פאַמיליען־פּרינציפּ איז ניט נאָר אַ רעגעל, אויפגעשטעלט פון דעם שטאַאַט און געהייליגט פון דער הערשענדער רעליגיאָן, וואָס בעשטימט, ווער עס מעג מיט וועמען הנאה האָבען אין דעם סעקסועלען לעבען; ניט נאָר אַ קאָנטראַקט צווישען מאַן און פרוי, אַז זיי מוזען סעקסועל געהערען איינער צו דעם אַנדערן. עס איז דערצו נאָך אַ סאָציאַל־עטישער אידעאַל, וואָס פערלאַנגט אַז דאָס בעסטע שטרעבען פון דעם מענשען, אַלע זיינע כחות זאָלען אין ערשטער ליניע זיין אָנגעווענדט אויף דעם גליק פון זיין „פאַמיליע". קודם כל איך, מיין „צווייטע העלפט" און מיינע קינדערלעך; דערנאָך די גאַנצע משפחה פון מיינע קרובים און דערנאָך — מיין פאָטערלאַנד און ערשט גאָר־גאָר צום סוף די גאַנצע איבעריגע מענשהייט.

פון אָט דעם פאַמיליען־פּרינציפּ אין זיינעביידע בעדייטונגען, סיי ווי אַ רעגעל, וואָס בעשטימט דעם סעקסועלען לעבען פון מאַן און פרוי, סיי ווי אַן אידעאַל, וואָס דאַרף זיין דער צענטער פון דעם מענשענס דאגות, — האָבען זיך גלייך שאַרף אָבגעזאָגט אַלע אונזערע דריי ראַדיקאַלע דענקער. מ א ר ק ס האָט, לויט זיין שטייגער, אויפגעוויעזען אויף די געשיכטליכע אורזאַכען, וואָס האָבען די פאַמיליע אַרויסגערופען אין לעבען, און אויף די עקאָנאָמישע צושטענדען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס גראָבען אונטער איהרע וואָרצלען אין דער איצטיגער צייט און מאַכען, אַז זי זאָל אין דער צוקונפט אין גאַנצען פערדאַרען. נ י ע ט צ ש ע האָט אין איהר געזעהן די קווינט־עסענץ פון דער טומאה, דעם קאָנצענטרירטען גיפט פון דעם פ י ל י ס ט ע ר־לעבען, וואָס פערהויקערט דעם מענשליכען גייסט און פערשפּאַרט איהם אין אַ היהנער־שטייג. און אַפילו ט אָ ל ס ט אָ י, דער פרומער,

און גוטער, און היילינער טאָלסטאָי, האָט אויך ניט געפונען קיין איין גוט וואָרט פאַר איהר. און ווי, אין דער אמת'ן, וואָלט אַ טאָלסטאָי געקאָנט ווערען איהר פערטהיידיגער און בעשיצער? ווי אסקעטיש טאָלסטאָי זאָל ניט זיין געוואָנען, ווי וועניג ער זאָל ניט האַלטען פון דעם גוף'ס תאוה, ווי זעהר איהם וואָלט זיך געוואָלט, אַז יעדער מענש זאָל זיין גאַנצען לעבען אָבלעבען „אָהן זינד", האָט ער גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אוטאָפּיע: פון דער פשוט'ער ערדישער ליעבע קאָן מען ניט פּטור ווערען, און דאָרטען, וואו זי איז דאָ, דאָרטען, וואו דער מענש האָט שוין אָנגעווענדט אַלע זיינע כחות אין דעם קאַמפּף מיט דעם גוף, און פיהלט אַז ער מוז ליעבען, — דאָרטען נויטיגט זיך ניט די ליעבע אין דער הסכמה פון דעם פּאָליציימייסטער און אין דער ברכה פון דעם גלח: דאָרטען איז זי אַבסאָלוט פריי און קיין געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציע האָט קיין רעכט ניט צו שטעלען זיך איהר אַנטקעגען. די ליעבע איז אַ פּריוואַטע, אינטימע אַנגעלעגענהייט פון די וואָס ליעבען. זייער אייגענער געוויסען דאַרף בעשטימען זייער לעבען און קיין מאַכט פון דרויסען טאָר זיך ניט אַריינמישען אין דעם. טאָלסטאָי איז אויך געווען הימעל־ווייט פון דעם געדאַנק, אַז „מיינע אייגענע", „מיין משפחה" האָט מעהר רעכט אויף מיין ליעבע און זאָרג, איידער אַ „ווילד פרעמדער". אין דעם „מלכות־שמים" אויף דער וועלט, וועלכע טאָלסטאָי האָט געפּרעדיגט אין זיינע שריפטען, איז ניטאָ קיין נפקא מיניה צווישען אייגענע און פרעמדע: אַלע מענשען, אָהן אַן אויסנאַהם. זענען אייגענע, אַלע זענען זיי „גאָט'ס קינדער", אַלע — ברידער און שוועסטער.

עס פערשטעהט זיך, אַז אויך אין דעם פּונקט פון נאַציאָנאַליזם און פּאַטערלאַנד־ליעבע זענען אַלע דריי דענקער געגאַנגען האַנד אין האַנד און האָבען דורכאויס אָבגעלייקענט, אַז איין פאָלק אָדער איין לאַנד זאָל ביי וועמען עס איז זיין מעהר מיוחס פאַר אַן אַנדער פאָלק, אָדער פאַר אַן אַנדער לאַנד. טאָלסטאָי און ניעטצשע זענען געווען ראַדיקאַלע קאָסמאָפּאָליטען, וואָס האָבען איבערהויפּט זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט וועלכע עס איז פעלקער־אונטערשיידען. מאַרקס איז כל ימיו געווען אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, וואָס האָט איינגעזעהן, אַז יעדער פאָלק וויל

פיהרען אַן אייגענעם קולטורעלען לעבען אויף זיין אייגענעם שטיי־גער און אַז ער האָט גאַנץ געוויס אַ רעכט דערצו; אָבער אויך מאַרקס האָט אין דערזעלביגער צייט פערלאַנגט, עס זאָל אָבגע־שאַפט ווערען יעדע הערשאַפט פון איין פאָלק איבער דעם אַנדערן, און אַז אַלע פעלקער זאָלען סאָלידאַריש לעבען ווי ברידער אין דער איין־איינציגער משפחה פון דער מענשהייט.

עס איז ניט מיין היינטיגע אויפגאַבע קריטיש אָבצושטעלען זיך אויף די געדאַנקען פון טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס און אויספאָרשען, אויף וויפיעל זיי זענען גערעכט אין זייער ראַדיקאַ־לער קריטיק פון אַלע יענע יסודות, אויף וועלכע עס רוהט דאָס מאָדערנע לעבען. איך וויל נאָר בעמערקען, אַז איך בין ניט אין גאַנצען איינשטימיג מיט זיי, דער עיקר אין די פראַגען פון איי־גענטהום, פאַמיליע און געזעץ. מיר דוכט, אַז דאָ וועט דער ראַ־דיקאַלער געדאַנק פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט מוזען אַריינברענגען גאַנץ וויכטיגע קאָררעקטורען, אויף דעם זעלביגען שטייגער, אויף וועלכען קאַרל מאַרקס האָט, נאָך מיין מיינונג, אויסגעבעסערט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, דורך דעם, וואָס ער האָט איהם פערוואַנדעלט אין דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. דער אינטער־נאַציאָנאַליזם „שאַפט ניט אָב" קיין פעלקער, ווי דאָס וויל דער קאָסמאָפּאָליטיזם; ער וויל זיי פערברידערן. עס קאָן זיין, אַז אויך אייגענטהום, פאַמיליע און געזעץ, אָדער שטאַאַט, קאָנען מיט דעם זעלביגען רעכט פערוואַנדעלט ווערען אין אַנדערע העכערע פּרינציפּען, וואָס פערטיליגען אבער ניט דעם עצם פון זייער זיין. אָבער, ווי געזאָגט, עס איז ניט איצטער די צייט צו פערנעהמען זיך מיט דער קריטיק פון דעם אַלטען ראַדיקאַלען געדאַנק. מיין אויפגאַבע איז געווען צו בעווייזען אייך, אין וואָס עס איז בע־שטאַנען דער ראַדיקאַלער יושר פון דעם נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט און ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין די געדאַנקען פון זיינע דריי בעסטע פערטרעטער.

דער פערגלייך צווישען די דריי דענקער איז אַזוי אינטערעסאַנט און אַזוי בעלעהרענד, אַז איך וועל מיר נעהמען די פרייהייט אָנצו־ריהרען נאָך אייניגע פּונקטען, ווען אפילו איך ווייס גאַנץ גוט, אַז מען קאָן סאַי ווי סאַי ניט אויסשעפּען דעם גאַנצען ענין.

מיר זענען בעקאַנט געוואָרען מיט דעם וויכטיגסטען פּונקט „וועגען דאָס העכסטע גוט פאַר דעם מענשען", אין וועלכען זיי אַלע דריי געהען זיך פאַנאַנדער. מיר האָבען אויך אָנגעפיהרט אַ סך זעהר וויכטיגע פּונקטען, אין וועלכע זיי געהען זיך אַלע דריי צונויף. איך וויל דאָ איצטער אָנריהרען פון אויבען־אויף איינינגע טעאָרעטישע פראגען, אין וועלכע צוויי פון אונזערע דענקער קעמפּפען האַנד אין האַנד אַנטקעגען דעם דריטען: טאָלסטאָי און ניעטצשע האַנד אין האַנד אַנטקעגען מאַרקס'ען; ניעטצשע און מאַרקס געדאַנקליך פערבונדען אַנטקעגען טאָלסטאָי; מאַרקס און טאָלסטאָי סאָלידאַריש אַנטקעגען ניעטצשע.

טאָלסטאָי און ניעטצשע זענעןביידע מ י ס ט י ק ע ר. ביידע גלויבען אין „מבשרי אחזה אלוה": דורך מיין לייב דערקען איך די גאָטהייט. אין זיין אייגענער נשמה געפינט טאָלסטאָי די ליעבע צו דער מענשהייט און אין זיין געדאַנק ווערט די ליעבע פערוואַנדעלט אין אַ ניצוץ, אַ פונק פון דעם געטליכען שכל, וואָס הערשט אין דער גאַנצער וועלט און וואָס ברענגט זיך אַליין ארויס אין ליעבע און ליידען, אין דער פרייד פון מסירת נפש. ניעטצשע געפינט אין זיין אייגענער נשמה אַ שטרעבען צו הויכע אונענדליכע הימלען, אַ ליידענשאַפטליכען האַס צו אַלץ וואָס איז געמיין, וואָכעדיג, שלעפעריג און פערטהאָן אין דער זוהמא פון דעם טאָג־טעגליכען זיין. און אויפ'ן שטעל ווערט פאַר איהם זיין נשמה, זיין „זעלבסט", אַן אויסגוס פון יענער וועלט־קראַפט, וואָס בעהערשט די גאַנצע וועלט־ענטוויקלונג, דאָס שטרעבען פון דער נאַטור צו אַלץ העכערע, ריינערע און מעכטיגערע פאָרמען פון לעבען, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען דעם „ווילען צו מאַכט". קאַרל מאַרקס איז פריי פון דעם דאָזיגען נאַטור־פילאָסאָפישען מיסטיציזם. אַ מאַטעריאַליסט פון גאָר־גאָר דער אַלטער שוהל, גלויבט ער אין דער טויטקייט פון דער נאַטור. זי האָט ניט קיין „נשמות", קיין שכל'ס און קיין ווילענס, און עס איז ניטאָ אויף איהר קיין גייסטיגער אויבערהאַרר. אַלע גייסטיגע ערשיינונגען זיינען אין מאַרקס' אויגען ניט מעהר ווי אַ צ ו ש ט א נ ד אין דער אייביגער טויטער מאַטעריע און געפינען זיך נאָר אין לעבעדיגע מאַרך און נערוועןְ. מיט דעם טויט פון דעם אָרגאַניזם, צו וועלכען עס האָבען געהערט דער

מאַרך און די נערוועו, צורינגען אויף יענע נשמות, שכל'ס און ווילענס און פערשווינדען אויף אייביג.

אין די מאָראלישע פראגען, אין דעם גרויסען פּראָבלעם וועגען דאָס העכסטע גוט, זענען טאָלסטאָי און ניעטצשע — ראַציאָ־נאַליסטען, וואָס פערלאָזען זיך אויף דעם אייגענעם שכל און גלויבען אין זיין מאכט ארויסצוברענגען דעם „אבסאָלוטען" אמת. און ווי זאָל מען ניט גלויבען אין איהם? ער איז דאָך אַ „חלק אלוה ממעל", אַ טייל פון דער גייסטיגער וועלט־סובסטאַנץ גופא. זאָל ער אין דעם מענשען ניט וויסען, וואָס ער וויל און טהוט אין דער נאַטור? עס איז דעריבער קלאָהר אָהן אַ סום ספק, אז גאָט וויל די ליעבע צו דער מענשהייט, וויל די מסירת נפש צוליעב איהר און אז דאָס איז דאָס העכסטע גוט, — זאָגט טאָלסטאָי. עס איז דעריבער קלאָהר אָהן אַ שום ספק, אז די גאָטהייט, אָדער די וועלט־סובסטאַנץ, האָט אין דער אדמה די גאַנצע מענשהייט, ווייל זי טראכט שוין איצט וועגען אַן „אויבער־מענשהייט", — זאָגט ניעטצשע. — מאַרקס איז אין דער מאָראַל־פילאָסאָפיע, ווי אין אַלע פראַגען, וואָס האָבען צו טהאָן מיט מענשליכע אָבשעצונגען און מענשליכע הסכמות, ניט קיין ראַציאָנאַליסט, נאָר אַ רעלאַ־טיוויסט. ניטאָ פאַר מאַרקס'ען קיין אבסאָלוטע אמת'ן אויף דעם פעלד פון מאָראַל. לויט די אומשטענדען בייטען זיי זיך ביי דעם מענשען. דער „גייסט" פון דער געזעלשאַפט, איהר בעוואוסט־זיין, שפּיעגעלט נאָר אָב די „מאַטעריע" פון דער געזעלשאַפט, איהר עקאָנאָמישען „זיין".

טאָלסטאָי און ניעטצשע זיינען געוועזן אַ נאַרכיסטען אין דעם זין, וואָס פאַר זיי איז דער איינצעל־מענש, דער אינדיווי־דואום, געוועזן דער צענטער פון דעם זיין. איהם האָבען זיי אין אויג, צו איהם ווענדען זיי זיך מיט זייער פּרעדיגט, אויף איהם בויען זיי זייערע האָפענונגען. — מאַרקס איז אַ סאָציאַליסט. דער איינצעלנער איז פאַר איהם ניט מעהר, ווי אַ טייל, אַ צעל פון דעם געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזם. אין דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט פערטיעפט זיך מאַרקס, איהרע געזעצען פאָרשט ער אויס, אין איהר ענטוויקלונג איז ער פעראינטערעסירט, און זיי־נע האָפענונגען בויט ער אויף איהרע אינווענייגסטע פּראָצעסען.

אָבער אין איינִיגע פּונקטען פערלאָזט ניעטצשע טאָלסטאָי'ען און פעראייניגט זיך מיט זיין פריהערדיגען געגנער, מאַרקס, צו בעקעמפּפען דעם פריהערדיגען חבר. איך שמועס שוין ניט וועגען דעם, וואָס זיי ביידע, ניעטצשע און מאַרקס, מוזען אָננעהמען אַ „פּולען מויל געלעכטער", ווי דער העברעער וואָלט געזאָגט, ווי נאָר טאָלסטאָי הויבט אָן רעדען צו זיי וועגען קריסטליכע ליעבע און קריסטליכע גערעכטיגקייט. האָט ווען עס איז וואו עס איז די דאָזיגע „ליעבע" און „גערעכטיגקייט", אפילו ווען זי האָט געוואָלט זיין ערנסט, געקאָנט אַ קאַץ אָן עק פערבינדען?! איך רעד אויך ניט דערפון, וואָס ניעטצשע און מאַרקס קאָנען בשום אופן ניט צושטימען צו טאָלסטאָי אין זיין גלויבען אין דעם „פרייען ווילען", אין זיין בעטראַכטען דעם מענשען ווי אַ זעלבסטשטענדיגע בריאה, וואָס קאָן צו יעדער צייט — ער דאַרף נאָר וועלען! — בעהערשען און רעגעלן זיין לעבען פון זיך אַליין, — ניעטצשע און מאַרקס האָבען צו שטאַרק געגלויבט אין דער אייזערנער מאַכט פון דער נאַטירליכער ענטוויקעלונג, זיי זאָלען קאָנען צולאָזען אַזא'ן אויסנאַהם פון דעם כלל פאַר דעם מענשען. איך האָב דאָ אין זין, אָן אַנדער פּונקט, נאָך אַ וויכטיגערען, אין וועלכען ניעטצשע און מאַרקס געהען אין איינעם להיפך צו טאָלסטאָי. דאָס איז די פראַגע וועגען ג ל י ק־ז ע ל י ג ק י י ט, דעם צענטראַל־פּונקט, ארום וועלכען עס דרעהען זיך אַלע געדאַנקען טאָלסטאָי'ס.

טאָלסטאָי גלויבט אין גליקזעליגקייט, אין דער מעגליכקייט פון גליק און פרייד פאַר דעם מענשען און ער זוכט אויסצוגעפינען, ווען און אונטער וועלכע אומשטענדען דאָס איז מעגליך פאַר איהם. ניעטצשע לייקענט לגמרי די מעגליכקייט און די ו ו י נ ש ב א ר־ק י י ט פון גליק פאַר דעם מענשען. ער מיינט אז די גאַנצע מעשה פון „גליק" איז אָן אויסגעטראַכטע און אַ נאַרישע. דאָס האָט זי דער פּרא אדם, דער „פיליסטער", אויסגעטראַכט און האָט דערביי, זאָגט ער, געפינטעלט מיט די אויגען...

צו וועמען פון זיי וואָלט צוגעשטאַנען מאַרקס? אַ סך מיינען — און ניעטצשע אַליין וואָלט געזאָגט: „גאַנץ געווים צו טאָלסטאָי". איז דען מאַרקס ניט קיין סאָציאַליסט? און וויל דען ניט דער סאָציאַליזם „בעגליקען" די מענשהייט? דער דאָזיגער אָבער־

גלויבען, אז מארקס האָט געוואָלט „בעגליקען" די מענשהייט, איז אזוי ווייט פערשפּרייט, אז מיר האָבען איהם געפונען אפילו ביי אזא חשוב'ען מארקסיסט, ווי דער רוסישער ב ע ל ט אָ ו ו, וואָס האָט אין דעם נאָמען פון דעם מארקסיזם אבסאָלוט דערקלעהרט, אז זיין מאָראַלישער פּרינציפּ איז דער זעלביגער, וואָס הערשט ביי אלע אוטיליטאריער, און אז אויך דאָס לעצטע ענדציעל פון דעם סאָציאַליזם דארף אריינגעבראַכט ווערען אין דעם אוטיליטארישען גרונדזאַץ: „דאָס העכסט־מעגליכע גליק פאר דער גרעסט־מעגליכער צאָהל". דאָס בעווייזט אָבער, ווי ווענינ אפילו זעהר חשוב'ע מארק־סיסטען זיינען אריינגעדרונגען אין די טיעפעניסען פון זייער אייגע־נער תורה. מארקס האָט ניט געקאָנט האַלטען פון דעם אוטיליטאַ־רישען גליקזעליגקייטס־פּרינציפּ, — גאָר פּשוט דערפאר, ווייל גליק איז פאר איהם א סוביעקטיווע זאַך, וואָס יעדער איינער פער־שטעהט עס אויף זיין אייגענעם שטייגער, וואָס איז אפשר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געוועזען און וועט אפשר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט זיין. די ענטוויקעלונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, ווען מען בעטראַכט זי אין דעם ליכט, אין וועלכען מארקס האָט זי אוועקגעשטעלט, שטרעבט ניט צו דעם גליק פון די איינצעלנע, נאָר צו עפּעס אַן אנדער זאַך, — אויב איהר ווילט, — עפּעס א גרעסערע זאַך: צו דער מ א כ ט פון דער מענשליכער געזעלשאַפט איבער דער נאַטור דורך די ענטוויקלונג פון איהרע פּראָדוקטיוו־קרעפטע. ד אָ ס איז דער גרונד־געדאַנק פון מארקס'ען, דער צענטראַל־פּונקט פון זיין געשיכטס־פילאָסאָפיע. און ווי טיעף האָט מארקס געשעצט די גרויסע נצחונות פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט איבער דער נאַטור, ווען אפילו זיי זיינען פערבונדען מיט אונצעהליגע ליידען פון מיליאָנען; און ווי ערנסט האָט ער גענומען די אונצעהליגע יסורים פון די מיליאָנען, וויסענדיג אז די דאָזיגע יסורים זענען א נויטווענדיגער מאָמענט, א רעוואָלוציאָנערער מאָ־מענט: זיי פיהרען צו א נייער געזעלשאַפטליכער פאָרם, וואָס וועט נאָך שטאַרקער מאַכען די מאַכט פון דער געזעלשאַפט איבער דער נאַטור.... אויב איהר ווילט שטעקט דאָ א שטיק „סאָציאַלער ניע־טצשעאַניזם" אין דעם דאָזיגען געדאַנק, — די פּאָעזיע און דער פּאַפאָס פון „וועלען צו מאַכט!", — און מיט וואָס פאר א פּעראַכ־

טונג האָט געקוקט קאַרל מאַרקס אויף דער אוטיליטאַרישער טעאָ־ריע פון דעם „העכסט־מעגליכען גליק“ און אויף איהר גייסטיגען פאָטער, דעם ענגלענדער ב ע נ ט ה א ם. „וואָלט איך געהאַט דעם קוראַזש פון מיין פריינד היינריך היינע“, זאָגט ער ערגעץ־וואו אינ׳ם „קאַפּיטאַל“, „וואָלט איך איהם אָנרופען: אַ גאון אין טפּשות“.... ניין, דער גליקזעליגקייטס־אידעאַל איז פאַר זיי געווען צו קליין, אי פאַר ניעטצשע׳ן, אי פאַר מאַרקס׳ען.

דערפאַר זיינען דאָ איינינע פּונקטען, וואו מאַרקס און טאָל־סטאָי נעהען זיך צונויף אין זייער געמיינזאַמען קאַמפּף אנטקעגען ניעטצשע׳ן. איך וועל דאָ ברענגען נאָר איינעם, וואָס איז אָבער זעהר וויכטיג פאַר זייער ביידענס כאַראַקטעריסטיק. ביידע,סאי מאַרקס, סאַי טאָלסטאָי, קאָנען אויף ניעטצשע׳ס „אויבער־מענשען“ ניט קוקען אַנדערש, ווי אויף אַ וויסטע פאַנטאַזיע, אויסגעטראַכט פון אַ קראַנקען מוח. אַן „אויבער־מענש“, וואָס רייסט זיך אין גאַנצען אָב פון די מאַסען, וואָס שטעלט זיך אַוועק ווי אַ היפּך צו זיי, וואָס וויל אפילו גאָר ניט ווירקען אויף זיי און אויפהויבען זיי צו זיך, איז פּשוט אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, וועמעס בעשטרעבונגען עס זיינען לכתחילה פער׳משפּט צו פערזינקען אין תהו־ובהו. די מענשליכע געשיכטע און די מענשליכע ענטוויקעלונג ווערט געמאַכט ניט פון די „העלדען“, נאָר פון די גרויסע מאַסען. וואָס פאַר אַ געזעצען עס זאָלען ניט שטעהן הינטער די מאַסען, ווי מען זאָל ניט קוקען אויף יענער מאַכט, וואָס טרייבט זיי אַלץ פאָראויס און פאָראויס, אָבער אין ז י י און נאָר אין זיי ווערט פערווירקליכט דער מענשליכער פראָגרעס. זיי זענען די אמת׳ע טרעגער פון דער מענשליכער געשיכטע. ז י י ע ר שכל און ז י י ע ר יושר ווערט דורכגע־פיהרט אין לעבען. די גלענצענדע מעשים פון דעם „העלד“, וואָס ווערען אַזוי אָפט בעזונגען פון דעם היסטאָריקער, זענען, ווען מען קוקט זיך צו נעהנטער צו זיי, ניט קיין פּראָדוקט פון „זיין“ ווילען און „זיין“ שכל, נאָר פון יענער העכערער מאַכט, וואָס בעהערשט דאָס מענשליכע לעבען און וואָס טרעט בולט אַרויס אין די בעוועגונגען פון די מאַסען. דער „העלד“, וואס איז פאַר ניעטצשע׳ן דער צ י ע ל פון דער געשיכטע, איז ניט קיין זעלבסט־ציעל, נאָר אין בעסטען פאַל — ניט מעהר ווי אַ געצייג אין איהרע הענד. ער

פיהרט ניט, ער ווערט געשטופּט. דאָס איז דער הויפּט „אני־מאמין" פון מאַרקס'עס געשיכטס־פילאָסאָפיע, דאָס איז אויך דער גרונד־געדאַנק פון טאָלסטאָי'ס ראָמאַן „קריעג און פריעדען"...

אָבער — גענוג פערגלייכען. איך האָף, אז די ווענינע פּונקטען, וואָס איך האָב אייך געבראַכט, — א קליינינקער טייל פון דעם, וואָס מען האָט געקאָנט צונויפשטעלען, — גיעבען אייך א מעהר אָדער ווענינער קלאָהרען בילד, ווי אזוי די וויכטיגסטע שטרעמונגען פון דעם נייענצעהנטען יאָהרהונדערט, — די טעאָרעטישע און די פּראַקטישע, — האָבען זיך אָבגעשפּיעגעלט אין די מוחות פון טאָלסטאָי, ניעטצשע און מאַרקס, וואָס עס האָט זיי צונויפגעפיהרט אין איינעם, און אין וואָס זיי זענען פיינדליך איינער צום אנדערן.

איצטער קאָנען מיר אַוועקשטעלען די שאלה וועגען דעם ו ו ע ר ט ה פון דער גייסטיגער ירושה, וואָס דאָס נייענצעהנטע יאָהרהונדערט לאָזט אונז איבער אין דער פאָרם פון זייערע סים־טעמען, — דעם ווערטה, דער עיקר פאַר יענעם גרונד־פּראָבלעם, וועלכען מיר האָבען די גאַנצע צייט געהאַט פאַר אונזערע אויגען, דעם פּראָבלעם פון דעם „העכסטען גוט". וואָס דאַרף דער מענש טהאָן? וואָס איז דאָס העכסטע גוט, צו וועלכען ער זאָל שטרעבען? איז דאָס באמת א „מוז", אז דער „יושר" זאָל זיך פאַנאַנדערגעהן אין אזעלכע דריי פיינדליכע ריכטונגען, ווי דער אבסאָלוטער „אַל־טרואיזם" פון טאָלסטאָי, דער אבסאָלוטער עגאָיזם פון ניעטצשע און דער סאָציאַליזם פון קאַרל מאַרקס? זיינען זיי, די דריי ריכ־טונגען, ווירקליך פיינדליך איינע צו דער אַנדערער?

אָבער איידער איך וועל פּרובירען פערענטפערען די פראַגע, וויל איך אייך דערמאָנען א קלייניגקייט אויס דער געשיכטע פון דעם מאָדערנעם געדאַנק.

נאָך אין דעם סוף פון דעם אכטצעהנטען יאָהרהונדערט, כמעט גאָר אויפ'ן שוועל פון דעם נייענצעהנטען, האָט איינער א דייטשער געלערענטער פּראָפעסאָר איינגעטיילט אַלע מענשליכע אידעאַלען אין דריי גרויסע גרופּען: די ליעבע צו אמת, די ליעבע צו יושר (צו „גוטס"), די ליעבע צו שעהנקייט, און שוין יענער פּראָפעסאָר האָט

פערשטאַנען, אַז זיי אַלע דריי דאַרפען ווערען פעראייניגט אין איינעם. „דאָס וואהרע, גוטע אונד שעהנע" — איז געוואָרען אַ פאָרמעל, וועלכע יעדער געבילדעטער אינ'ם אַנהויב פונ'ם נייען־צעהנטען יאָהרהונדערט האָט פון מויל ניט ארויסגעלאָזען און האָט ניט אויפגעהערט איבערצוקייען ביז צו חלשות. שפּעטער אין די ראַדיקאַלע צייטען, — אפשר א דאַנק שטירנער'ן, — האָט מען היבש געמאַכט חוזק פון דער דאָזיגער פאָרמעל, און אויך אין אונ־זערע לעצטע צייטען האָט מען זיך גענוג געוויטצעלט וועגען „דאָס וואהרע, גוטע און שעהנע!" און קיין חדוש ניט, וואָס יעדער רעוואָ־לוציאָנערער פּעריאָד וויטצעלט זיך איבער דער פאָרמעל. אין אַ צייט, ווען פון דעם הערשענדען אמת איז שוין לאַנג געוואָרען אַ הימעל־שרייענדער שקר, און ער, דער שקר, שרייבט זיך נאָך אַלץ אונטער מיט דעם אַלטען נאָמען „אמת" און ווערט אַ ברעקעל ניט רויט פון דעם דאָזיגען ליגען; אין אַ צייט, ווען די הערשענדע אונ־גערעכטיגקייט געהט מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ, און די פּאָליציי טרייבט פאַנאַנדער דעם עולם און שרייט: „מאַכט אַ וואַרע! דער יושר געהט!"; אין אַ צייט, ווען אַן אַלטע מומיע, ביי ועמען דער מויל איז שוין אפשר פול מיט ווערים, ווערט צוגעפּוצט מיט פּודרע און פאַרב און עס ווערט פערלאַנגט, מען זאָל זיך פאַר איהר בוקען, פאַר דער אייביגער שעהנקייט, — אין אַזאַ צייט, זאָג איך, איז באמת ניט גרינג צו נעהמען אין מויל די פאָרמעל: „דאָס וואהרע, שעהנע אונד גוטע" און דערביי ניט גערייצט ווערען צו העפטיגע לאַך ספּאַזמען.

אָבער — וואָס קאָן מען זיך העלפען? דער אַלטער דייטשער פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע איז פאָרט געווען גערעכט. ווי עס זאָל זיך ניט בייטען דער א י נ ה א ל ט פון דעם אמת, דעם יושר, דער שעהנקייט, עס זענען פאָרט דאָ א י י נ י ג ע אמת'ן, א י י־נ י ג ע געדאַנקען וועגען יושר און גאָר אַ סך פּראָדוקטען פון שעהנקייט, וואָס זענען נאָך עד היום אַזוי יונג און פריש, ווי אין דער צייט ווען זיי האָבען דערבליקט די ליכטיגע שיין פון דער וועלט. און ווי די אַנדערע אמת'ן, יושר'ס און שעהנקייטען זאָלען זיך ניט בייטען מיט יעדען דור, — וועלען אַלע אונזערע אידעאַ־לען זיך אַלע מאָל אַליין איינטיילען אין דער אויבען־דערמאַנטער

א י י ב י ג ע ר פּאַרמעל: „דאַס וואַהרע, שעהנע אונד גוטע", וואָס מיר ווילען איבערזעצען אין אידיש: „אמת, יושר און חן".

דאָס רוב מענשען יאָגען זיך אָבער ניט מעהר ווי נאָך א י י ן טייל פון דעם פאַרמעל, בעת מיר זאָלען, ווי גאַנצע מענשען, זיך יאָגען נאָך אַלע דריי.

מיר „זאָלען!" אָבער, הפּנים, ניט לייכט איז דאָס דורכצוּ־פיהרען אין לעבען. זעלטען ווען אַ דענקער פעראייניגט אין זיין סיסטעם אַלע דריי זייטען פון דעם מענשליכען אידעאַל, מיט גלייכע רעכטען און אין גלייכע פּראָפּאָרציאָנען. צו אָפט ווערט דאָס גלייכ־געוויכט פון אַ סיסטעם געשטערט צוליעב איין ש ל י ש פון אונזער איינהייטליכען אידעאַל, בעת די אַנדערע צוויי דריטעל ווערען אין גאַנצען אָדער כמעט אין גאַנצען פערוואָרפען אין אַ ווינקעל.

אויף די דריי דענקער, מיט וועלכע מיר אינטערעסירען זיך היינט, מאַכען ליידער ניט קיין אויסנאַהם פון דעם דאָזיגען, גאָר ניט אַזוי יום־טוב׳דיגען פאַל.

עס איז ניט שווער צו טרעפען, אַז ביי מאַרקס׳ען, דעם אָביעקטיווען, וויסענשאַפטליכען פאָרשער, דעם אָנהעגנער פון שפּינאָזאַ׳ס „ניט לאַכען, ניט וויינען, נאָר פ ע ר ש ט ע ה ן", ליעגט, נאַטירליך, דער שווער־פּונקט פון דעם גאַנצען דענקען אין דעם אידעאַל פון אמת. „לאָמיר אויספאָרשען דעם געשיכטליכען ענט־וויקעלונגס־גאַנג ווי ער איז; לאָמיר איהם קוקען גלייך אויג אין אויג, דאָס איז די הויפּטזאַך! דער „יושר", די „שעהנקייט" און אַלע אַנדערע אידעאַלאָגיען זענען ניט מעהר ווי שאָטענס פון דעם נאַטירליכען גאַנג און מיט זיי מעג מען זיך וועניגער — אָדער אפשר גאָר ניט אינטערעסירען."

פאַר טאָלסטאָי, ווידער, איז דער צענטער פון זיין נשמה דער „יושר", „דאָס גוטע". אמת און שעהנקייט, וויסענשאַפט און קונסט, האָבען אפשר גאָר קיין ווערטה ניט, אָדער נאָר אויף אַזוי פיעל ווערטה, אויף וויפיעל זיי העלפען דעם יושר, מיינט טאָלסטאָי.

און ניעטצשע׳ס נשמה איז אין גאַנצען איינגעזונקען אין דעם אידעאַל פון ש ע ה נ ק י י ט. זאָל נאָר די אייגענע נשמה זיין שעהן אין איהר מאַכט און דער טיעפקייט פון איהר לעבען און ליידען; זאָל נאָר די שעהנע טראַגיק פון דעם העלד׳ס לעבען און

ביז צו דער לעצטער, עקסטער פאַרב רעכטס, וואָס רופט אַרויס אין אונז די אנגענעהמסטע ווירקונג.

עס פערשטעהט זיך, אַז מען דאַרף דערצו האָבען ניט נאָר אַ שאַרף אויג, כדי צו דערקענען די שאַטירונג פון דער פאַרב, נאָר אויך אַ שאַרפען פּסיכישען געהער, אויב מען קאַן זיך אַזוי אויס־דריקען, אָבער גאָר אַ שאַרפען, כדי ריכטיג אַרויסצוהערען זייער אָבקלינגען אין אונזער נשמה.

דאָס אייגענע איז אויך מיט די קלאַנגען, גערוכען, געשמאַ־קען, מוסקעל־עמפּפינדונגען און אַזוי ווייטער. יעדער איינער פון זיי האָט זיך זיין געפיהלס־טאָן, זיין אָבקלאַנג אינוועניג אין אונז.

ווען פון די איינצעלנע עמפּפינדונגען ווערען אויפגעבויט די העכערע פּסיכישע געשטאַלטונגען, — די פאָרשטעלונגען, בעגריפען, אידעען, געדאַנקען, שטרעבונגען, — יעמאָלט גיסען זיך צונויף זייערע געפיהלס־טענער אין איינעם און פון זיי וואַקסען אַרויס אָדער קלאָהרע געפיהלען, ווען איין־אָדער נאָר עטליכע געפיהלס־טענער האָבען די אויבער־האַנד איבער די אַנדערע, — אָדער אַנ־שטאָט קלאָהרע געפיהלען ווערען געבוירען האַלב־קלאָהרע שטי־מונגען, ווען קיין געפיהלס־טאָן האָט ניט די קראַפט אַריבערצו־קלינגען זיינע חברים. אַ ביסעל קלאָהרערע שטימונגען הערשען אין דער נשמה יעמאָלט, ווען זי איז אַ לענגערע צייט געשטאַנען אונטער דער שטאַרקער שליטה פון אַ וועלכען עס איז בולט'ען און שאַרפען געפיהל. האָט אונזער נשמה דורכגעפיהלט אַ שטאַרקען צער, יעמאָלט צוגיסט זיך דער צער איבער אַלע איהרע טהיילען און פאַרבט זיי אַלעמען אָב אין אַ שוואַרצען קאָליר. און אַפילו ווען דער געדאַנק האָט שוין אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען דעם צער, און ווען דער צער אַליין איז שוין איבערגעלעבט געוואָרען, ציטערט נאָך ערגעץ וואו אין דער נשמה זיין שאָטען און וויקעלט אַלץ דאָרט איין אין אַ קאַלטען גרוי. דאָס אייגענע, פערשטעהט זיך, איז אויך מיט דעם געפיהל פון פרייד, וואָס לאָזט איבער אַ ראָזעווען טהוי אויף אַלע ערשיינונגען פון אונזער פּסיכישען לעבען.

די שטימונגען, — די פערשיידענע שאַטירונגען פון גרוי אָדער רויז, פון ליכט אָדער פינסטערניש אין אונזער נשמה, — זענען

אויף אַזאַ׳ן אופן די שאַטענס פון די געפיהלען און די עמפפינ־דונגען, וועלכע דאָס לעבען האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אין די טיעפעניסען פון אונזער געמיטה.

איך האָב מיך דאָ אָבגעשטעלט אַ ביסעל לענגער אויף דער שטימונגס־טהעאָריע פון דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע, ניט דער־פאַר, ווייל איך בין אַזוי שטאַרק איינגעגלויבט אין איהר. אדרבא, איך רעכען, אַז די האָניג־וואָכען פון איהר יום־טוב אין דער וויסענ־שאַפט זענען שוין לאַנג אַריבער. זי ווערט איצטער שטאַרק אָב־געפרעגט אין דער ערנסטער פאָרשונג. איהרע גרונד־זיילען זענען שוין פאַנאַנדערגעשאָקעלט, ווען אפילו מען מוז מודה זיין, אַז זי האָט אונז געגעבען אַ סך טיעפע פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזען און קלאָהרע בעשרייבונגען פון איינצעלנע פּסיכישע געשעהעניששען, וואָס וועלען בלייבען אין דער וויסענשאַפט אפשר אויף אייביג.

איך האָב נאָר געוואָלט בעווייזען, אַז אפילו לויט דער עמפּי־רישער פּסיכאָלאָגיע מוז אויסקומען, אַז דער גרעסטער טהייל פון דער נשמה איז פערנומען מיט שטימונגען, ווען אפילו מיר מערקען זיי ניט, און אַז יעדע נייע עמפּפינדונג, ד. ה. יעדער פּולס־שלאָג פון אונזער לעבען, יעדער הרף־עין אונזערער מוז פערמעהרען דעם אוצר פון אונזערע שטימונגען, מוז צופיהרען וויעדער און וויעדער נייע שטרעמונגען אין זייער אונענדליכען ים.

עס ווערט דעריבער קלאָהר, וואָס פאַר אַ וויכטיגער און שווע־רער פעלד פאַר דער קונסט דאָס איז, אַרויסצורופען אין אונז מיט דער הילף פון ווערטער די פערשיידענע שטימונגען פון דער נשמה. און ווען מען דערמאָהנט זיך, וואָס פאַר אַן אָרעם געצייג דאָס מענשליכע וואָרט איז, ווי ווייט און פרעמד עס איז דעם גאַנצען געפיהלס־לעבען פון דעם מענשען, — יעמאָלט ווערט דורך דעם גופא אויך קלאָהר די גאַנצע בעדייטונג פון אַ מעטערלינק׳ען פאַר דער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער ליטעראַטור און וואָס פאַר אַ גרויסער שבח דאָס איז, ווען מיר זאָגען, אַז ער איז אפשר דער גרעסטער מייסטער אויף יענעם ניי־ענטדעקטען פעלד.

מעטערלינק׳ס בעדייטונג וואַקסט אָבער נאָך מעהר אויס אין אונזערע אויגען, ווען מיר דערמאָהנען זיך נאָך אָן אַ וויכטיגען

פונקט, וואָס איז פערבונדען מיט דערזעלביגער שטימונגס־ליטעראַטור.

עס איז געווים אַ גרויסע נפקא מינה, מיט וואָס פאַר אַ פּשט איהר לערנט דעם ענין פון שטימונגען.

אויב זיי זענען ניט מעהר ווי שאָטענס, אָנגעזאַמעלט אין דער נשמה פון דעם גאַנצען לעבען, סך־הכל׳ס אין ג ע פ י ה ל פון פּאַסירונגען, וואָס זענען שוין פאַרגעקומען אין דער דרויסענדיגער וועלט און אין אייער גוף, קאָנען זיי ניט האָבען קיין ברעקעל מיסטישע בעדייטונג פאַר דער געגענוואַרט און צוקונפט פון דער וועלט, וואָס ליעגען דרויסען פון אייך. איהר זיצט אין אַ פרעהליכער מסיבה און פלוצלונג פערקלעמט אייך דאָס האַרץ. אַ משונה׳דיג שווערע שטימונג הויבט זיך אויף פון דעם גרונד פון אייער נשמה און וואַלקענט זי איין ווי אין אַ געדיכטען פינסטערען נעפעל, אַקוראַט ווי מיט אייך וואָלט אַ גרויס אונגליק פּאַסירט. אויב איהר זייט פעסט איינגעגלויבט אין דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע, וועט איהר אַליין בלייבען גאַנץ רוהיג ביי דער שווערער אומרוה, וואָס איז אָנגעפאַלען אויף אייער געמיטה. איהר ווייסט אויף זיכער: אַז די דאָזיגע אומרוה איז אפשר אַ פּועל־יוצא פון אַ צושטאַנד, אין וועלכען עס געפינט זיך איצטער אַ טהייל פון אייער גוף, — די לעבער, די מילץ, די בלוט־געפעסען. אַז ניט, איז דאָס אַ קנויל פון „שאָטענס", וואָס האָט זיך ביי אַ געוויסער געלעגענהייט אָנגעזאַמעלט אין אייער נשמה, איז געלעגען דאָרטען מיט עפּעס צוגעדריקט, און האָט זיך פלוצלינג אַרויסגעריסען, אַ דאַנק פּסיכאָ־פיזישע, ריין נאַטירליכע אורזאַכען, וועלכע איהר קאָנט אין דעם מאָמענט ניט קאָנטראָלירען. אַז אייער שווערע שטימונג זאָל האָבען אַ וועלכע עס איז שייכות מיט פאַר אייך וויכטיגע פּאַסירונגען אין דער דרויסענדיגער וועלט, וואָס שפּיעלען זיך גראָד איצטער ערגעץ־וואו אָב, אָדער האָבען זיך נאָר וואָס, אָהן אייער וויסען, אָבגעשפּיעלט, אָדער דאַרפען ערשט פאָרקומען אין דער נאָהענטסטער צוקונפט, — דאָס וועט אייער שכל בשום אופן ניט צוגעבען. און אפילו ווען איהר דערוויסט זיך שפּעטער, אַז גראָד אין יענעם מאָמענט האָט באמת געטראָפען מיט אייך אַן אונגליק, — אַ קינד אייערס איז פלוצלונג קראַנק געוואָרען אין דער פרעמד, — אפילו יעמאָלט, ווען עפּעס

טענה׳ט אין אייך, אז דאָס האָט אייך „דאָס הארץ געזאָגט“, בלייבט איהר שטייף אין אייער עמפּירישען גלויבען און דערקלעהרט די גאַנצע מעשה דורך דעם שפּיעל פון אַ צופאַל.

גאַנץ אַנדערש וועט איהר קוקען אויף די פּלוצלונג ארויס־געשפּרונגענע שטימונגען, ווען איהר זעהט אין זיי די אייגענט־ליכע סובסטאַנץ, דעם „חומר“ פון דער נשמה און ווען איהר גיט נאָך צו די מעגליכקייט, אַז די מיליאָנען איינצעלנע שטי־מונגען וואָס לעבען אין אייער ברוסט זענען אפשר — ווער ווייס ? — טהיילען פון דער גרויסער גייסטיגער וועלט־סובסטאַנץ, וואס שטעהט מיט זיי אין אַ דירעקטע פערבינדונג. יעמאָלט קאָן מען גאַנץ גוט גלויבען, אַז אייער נשמה און די וועלט־נשמה טראָ־גען זיך אויף איינע מיט די אַנדערע אויף אַ וואונדערליכען אופן דורך די ווענטלעך פון אייער גוף. און אויב איהר האָט גאָר קיין מורא ניט פאַר דעם מיסטיציזם, גלויבט איהר אפשר, אַז ניט די שטימונגען זענען איינגעשלאָסען אין אייער ברוסט, נאָר אַז איהר און אייער גוף שווימען ארום אין דעם אַלוועלטליכען רוחניות׳דיגען ים. יעמאָלט האָט פאַר אייך אַ גאַנץ אַנדער בעדייטונג דאָס, וואָס „דאָס הארץ זאָגט אייך“, בעת אייער שכל ווייס ניט, מיט וואָס עס צו בענעהמען. די קלעמענים, וואס האָט פּלוצלינג בעפאַלען אייער הארץ איז פאַר אייך אַן אמת׳ער סמן, וואָס וועט אייך ניט אָבנאַרען, אַז ערגעץ וואו העננט אַ שטיין איבער אייער קאָפּ און אַז איהר דאַרפט זיך היטען פאַר אַ קלאַפּ, וועלכען דאָס לעבען האָט שוין פאַר אייך אָנגעגרייט. און ווען פון דעם גאַנצען פאַר־געפיהל אייערן זאָל זיך אויסלאָזען גאָרנישט מיט גאָרנישט, וועט דאָס אקוראַט אזוי ווייניג צושטערען אייער מיסטישען גלויבען, ווי דער פאַקט פון צוטרעפען האָט ניט געקאָנט צושטערען דעם עמפּירישען. איהר וועט, טריי צו אייער מיסטיק, זיך זאָגען: דער שטיין איז געהאַנגען איבער מיין קאָפּ, מיין אינוועניגסט אויג האָט איהם קלאָר געזעהן, אָבער עס איז ניט געווען קיין „מוז“, ער זאָל אַראָב־פאַלען איבער מיין קאָפּ און מיין מזל האָט זיך איבערגעביטען צו גוטען.

איהר זעהט — דער מהלך צווישען די צוויי אויסטייטשונגען איז אַזוי גרויס, ווי פון דער עמפּיריש־מאַטעריאַליסטישער ערד ביז

צו דעם מיסטיש־אידעאַליסטישען הימעל. און פון דעסטוועגען האָט די גרויסע נפקא מינה נאָר אַ זין, ווען מיר רעדען פון דער פּסיכאָ־לאָגיע פון דעם איינצעלנעם מענשען. קוים שטעלט איהר אַוועק די פראגע וועגען די שטימונגען ניט פון אַן איינצעל־מענשען, נאָר פון אַ גאַנצען דור, אַזוי פערשווינדט לגמרי יענער מעטאַפיזישער אָב־גרונט, וואָס צווישען עמפּירישען מאַטעריאַליזם און מיסטישען אידעאַליזם. די שטימונגען פון אַ גאַנצען דור, זענען שטימונגען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אין זיי שפּיעלט זיך אָב דער געפּיהלס־סך־הכל, וואָס דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען לאָזט איבער אין די אינטעליגענטע מוחות און הערצער. דאָס וועט אפילו ניט לייקענען דער מיסטישער אידעאַליסט, וואָס גלויבט, אַז דער גאַנצער גאַנג פון דער געזעלשאַפט ווערט, ווי ביי אַ מין זייגער, אָנ־געצויגען דורך אַן איבערנאַטירליכע וואָג און רעגולירט דורך אַן איבערנאַטירליכען גייסטיגען אומרוה. די שטימונגען פון אַ דור און דער איבערבייט אין יענע שטימונגען, מוזען אויך פאַר איהם זיין סמנים פון איננווענינגסטע פּראָצעסען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט גופא.

מעטערלינק'ס גרויסע בעדייטונג אין דער ליטעראַטור בע־שטעהט אין דעם, וואָס זיין הארץ איז תמיד געווען ווי אַ באַראָמעטער, אויף וועלכען עס האָט געווירקט דער אַלגעמיינער דרוק פון דער פּסיכישער אַטמאָספערע. די שטימונג פון זיינע ווערק, זענען געווען די שטימונגען פון זיין דור, — די פּייל, וואָס האָט אויפ'ן באַראָמעטער־בלאַט אָנגעצייגט, וואָס עס טהוט זיך אין די העכערע פּסיכישע רעגיאָנען פון דער געבילדעטער, פאַר־ווערטס־טרייבענדער געזעלשאַפט, פון יענער אינטעליגענטער קראַפט, וואָס איז דער אַוואַנגאַרד פון דעם מענשליכען פּראָגרעס.

די פּייל אין מעטערלינק'ס שאַפען האָט אין אָנהויב זיך תמיד געוויעגט אַרום דעם פּעסימיזם און האָט זיך דערנאָך פער'עקשנ'ט אַוועקגעשטעלט גאָר ביי דעם לעצטען ברעג פון דעם פּעסימיסטישען טהייל, אַנטקעגען יענע שטריכעלעך, וואו עס שטעהט די אויפ־שריפט: „חלשות" און „סם־המות".

אַז איהר לייענט די דראַמען פון זיין ערשטען שאַפונגס־פּעריאָד, ווי „די בלינדע" און „דאָרטען אינווענינ", נעהמט אייך

ארום אן אייז־קאַלטע אימה פאַר׳ן לעבען. שוואַכע, איינגעשרומפּ־פענע מענשעלעך, אהן א טראָפּען בלוט אין געזיכט, זיצען, איינגי־הויקערטע, צוגעטוליעטע איינע צו די אַנדערע, טאַפּען אין דער פינסטערניס ארום זיך און עס קלאַפּט זיי א צאָהן אָן א צאָהן. זיי אַלע זענען ארומגערינגעלט מיט א בלייערן־שווערער אַטמאָספּערע פון שטילען פּחד. — וואָס ציטערן זיי אַזוי ? פון וואַנען נעהמט זיך זייער פערגליווערטע אימה ?

איבער זיי אַלעמען הענגט דער בלינדער „מוז“ פון דעם מענשליכען גורל, און זייערע צאַרטע נשמות שפּירען אונבעוואוסט דאָס וועהען פון זיינע פליגלען. איינגעבויגענע, וואַרטען זיי אונ־בעוואוסט אויף א וועלכען עס איז דונער פון קלאָרען הימעל, וואָס וועט מאַכען א תל פון זייער לעבען אָדער זייער גליק. און ניטאָ קיין מיטלען ווי אָבצואוועגדען דעם טויטליכען בליץ. ס׳איז דאָך אַלעס פון אייביג אָן בעשערט אַזוי און קיין קראַפט אין דער וועלט קאָן ניט געהן אַנטקעגען דעם פינסטערען בעשערט־זיין.

אָט פאַר וואָס זיי זענען אַלע אַזוי פּאַסיוו. די קריטיק האָט שוין לאַנג בעמערקט, אַז מעטערלינק׳ס העלדען פון יענער צייט טהוען גאָרנישט. מיט זיי קומט נאָר עפּעס פאָר. אָרעמע שעפּעלעך זענען זיי, איבערגעענטפערט אין די הענד פון אַן אונ׳ברחמנות׳־דיגען שוחט. און דאָס זענען ניט קיין מענשען פון א וועלכער עס איז געשיכטליכער צייט, פון א וועלכען עס איז בעשטימטען פאָלק, פון א וועלכען עס איז בעשטימטען קלאַס, אַדער עלטער. ווי אינדי־ווידועל זיי זאָלען ניט זיין, פערלירט זיך זייער אינדיווידואַליטעט אין יענעם תוך זייערען, וואָס טרעט בולט ארויס ביי אַלעמען. זיי זענען אַלע נאָר עקזעמפּלאַרען פון דעם מענשליכען מין, פון דעם מענש בכלל. זיי אַלע, די אַלטע און די יונגע, און די קינדער, די מאַנען און די פרויען, — זיי אַלע זענען ניט מעהר, ווי אָרעמע, פער׳יתום׳טע, פערוואָגעלטע שעפּעלעך, שוין פון אָנהויב פער־משפּט, אָהן א ברעקעל זינד פון זייער זייט, צו מאַטערנים און טויט.

דאָס איז געווען דער געפיהלס־סך־הכל פונ׳ם לעבען, וועלכען מעטערלינק האָט אונז אויסגעמאָלט אין די דראַמען פון די אַכציגער און דעם אַנהויב נייענציגער יאָהרען פון דעם פאַריגען יאָהר־הונדערט.

און ניט נאָר ביי מעטערלינק'ן אַליין האָט געהערשט דער פאַ־טאַליזם און די פעסימיסטישע שטימונג. אויך אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון זיין דור, — ביי אנדרעיעוו'ן און סאָלאָגוב'ן, אַזוי גוט ווי ביי האַמסונ'ען און פשיבישעווסקי'ן, האָבען זיך אין די שריפטען אַרומגעטראָגען די וואָלקענס פון פעסימיזם אין פערשיי־דענע גראַדען פון „חלשות" און „סם־המות". און אומעטום איז ביי זיי דער מענש געווען דאָס אָרעם שעפּעלע, וואָס צאַפּעלט זיך אין די נעגעל פון דעם בלינדען שיקזאַל, — אַלץ איינס, צי דער שיקזאַל האָט געשטאַמט פון דרויסען אָדער פון די פינסטערע טיעפען אין דער אייגענער נשמה; אַלץ איינס, צי דאָס שעפּעלע איז געווען ריין און ווייס, ווי דער נאָר וואָס אַרויסגעפאַלענער שנעע, אָדער זיין לייב איז געווען בעדעקט מיט ביילען און קרעץ פון קאָפּ ביז די פיס.

און אָט מיט די „חלשות", מיט דעם „סם־המות" האָט זיך גע־קוויקט דער גאַנצער דור פון דעם גוסס'ען יאָהרהונדערט, כמעט די גאַנצע פּראָגרעסיווע יוגענד, ווייל אין די ווערק האָט זי געזעהן אַ שפּיעגעל פון איהר אייגענער נשמה, ווייל אין זייער „סם־המות" האָט זי געפיהלט דעם זעלביגען טעם פון לעבען, וואָס איז געלעגען אויך ביי איהר אויפ'ן צונג.

איינער אַ מאַרקסיסטישער קריטיקער פון יענער צייט, העננ־ריעטע פאָן ראָלאַנד־האָלסט, — אגב, זעהר אַ קלוגע און טיעפע פרוי, — האָט געפונען אַ מאַרקסיסטישע דערקלערונג צו מעטער־לינק'ס בלינדען טויט־שרעק, וואָס האָט געהערשט אין זיינע יעמאָלטדיגע ווערק. דאָס איז, זאָגט זי, דער טויט־שרעק פון דער בורזשואַזיע, אויף וועמען די קומענדע סאָציאַלע רעוואָלוציע וואַרפט אָן אַן אימה. די בורזשואַזע נשמה דרעהט זיך ווי אַ וואָרעם אין די שאָטענס פון יענעם אונ'ברחמנות'דיגען שיקזאַל, וואָס רוקט זיך אונפערמיידליך אויף איהר אָן. דערפון שטאַמט איהר פעסימיזם און איהר פאַטאַליזם.

אָבער גראָד אין דעם פּונקט האָט די אויסגעצייכענטע פרוי ניט אין גאַנצען געטראָפען דעם אמת. מעטערלינק איז דווקא אַ ראַדיקאַלער סאָציאַליסט, אויב ניט קיין אַנאַרכיסט. און אויך די איבעריגע „יונגע" פון זיין ליטעראַרישען דור זענען אין לעבען גע־

שטאַנען גאַנץ ווייט פון דער בורזשואַזיע און די בורזשואַזע לעבענס־אידעאַלען. אגב, וואָלט שווער געווען אויפצואווייזען אין דעם פּאָליטישען און סאָציאַלען לעבען פון יענער צייט אויף קלאָר אויס־געשפּראָכענע סמנים פון דער טויט־אַנגסט, וואָס האָט געזאָלט הער־שען ביי דער בורזשואַזיע. זי האָט זיך דוקא געפיהלט אויף דעם שפּיץ פון איהר מאכט. שטאָלץ און פעסט האָט זי געהאַלטען איהר שווערען פוס אויף דעם רוקען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ווען אפילו זי האָט שוין געשפּירט, אַז דאָרטען איז שוין לאַנג איבערגעבראָכען געוואָרען דער חוט השדרה פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָטעסט: ביסמאַרק מיט זיין אַנטי־סאָציאַליסטען געזעץ איז געפאַלען, און אין דער פּראָלעטאַרישער לופט האָבען זיך גענומען ארומטראָגען שטימונגען, וועלכע דער אַלטער ענגעלס האָט באַלד פאָרמולירט אין זיין טהעאָריע פון אַ רעוואָלוציאָן אין גוטער טרייקייט צום געזעץ. בערנשטיין׳ס אָפּפּאָרטוניסטישער סקעפּטיציזם איז שוין יעמאָלט געלעגען אין די ווינדעלעך.

געווים קאָן מען ניט לייקענען, אַז די אַלגעמיינע ניעדערגע־שלאָגענקייט, וואָס האָט געהערשט אין די אַכטציגער יאָהרען, האָט אויך גערעדט צום האַרצען פון יענע ווענינע עהרליכע אידעאַלאָגען, וואָס האָבען בתמימות געגלויבט אין די יסודות פון דעם איצטיגען לעבען — דער עיקר — די רעליגיעזע, און האָבען גאַנץ ערנסט גע־טרויערט אויף דעם חורבן פון יענע יסודות. אָבער ניט זיי האָבען געגעבען דעם גרונד־טאָן צו דעם הערשענדען פּעסימיזם.

ווייל מען אויף זיכער אויסגעפינען, פון וואַנען עס האָט גע־שלאָגען יענער פּער׳סם׳טער קוואַל אין דער יונגער ליטעראַטור, מוז מען זיך אריבערטראָגען אין דער גייסטיגער אַטמאָספערע, אין וועלכע די יוגענד האָט געלעבט, יענע יוגענד, וואָס האָט געשאַפען איהרע ווערק ליהיפּך צו דעם הערשענדען שאַבלאָן, וואָס איז פערפאָלגט געוואָרען פון דער הערשענדער בורזשואַזער קריטיק, דוקא, ווייל זי איז געווען צו פיינדליך צו דער בורזשואַזער יום־טוב׳דיגער שטימונג פון לעבען. און טראָגט מען זיך אריבער אין יענער גייסטיגער אַטמאָספערע, בעמערקט מען אָהן מיה, אַז די שווערע לאַסט האָט גענומען דריקען אויף איהר פון דעם מאָמענט

אַז, ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע פּאָליטישע רעאַק־ציע פון די אכטציגער יאָהרען, מיט רוסלאַנד בראָש...

עס איז ניט היינט אונזער עסק אָבצושטעלען זיך אויף יענעם טרויעריגען קאַפּיטעל פון דער נייעסטער געשיכטע און שילדערן די ווירקונג פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אויף דער יונגער שעה־נער ליטעראַטור פון מעטערלינק'ס דור. אָבער אויב איהר ווילט אין גאַנצען פערשטעהן יענעם גרויסען איבערקעהר אין דער שטי־מונג פון דער פּראָגרעסיווער וועלט, וועגען וועלכען עס זינגט אונז דער „בלאָהער פויגעל", מוזט איהר האָבען אין זינען יענע טונקעלע פּאָליטישע נאַכט, א נאַכט אָהן שטערן־ און לבנה־שיין, אַ נאַכט פון שווערער שטילקייט, אין וועלכער מעטערלינק איז ארויפגעטרע־טען אויף זיין ליטעראַרישען וועג.

פערגלייכט איהר יענע צייט מיט דער שטימונג, וואָס הערשט אין דעם „בלאָהען פויגעל", איז אקוראט ווי איהר וואלט צוגעבראַכט אַ נאַכט אין די נעצען פון אַ דריקענדען קאָשמאַר, וואָס האָט אייך געהאַלטען די גאַנצע צייט אין אַנגסט און מורא און — פּלוצלונג כאַפּט איהר זיך אויף, לויפט צו צום פענסטער, רייסט אויף די לאָדען — און אין חדר רייסען זיך אריין גאַרבען פון דעם ליכטיגען זונען־שיין און קלאַנגען פון דעם פרעהליך־פּלאַטערנדען לעבען — און עס פערפליהען די שאָטענס און די אַנגסטען פון דער נאַכט.

אָדער — נאָך אַן אַנדער פערגלייך; אַ פּאַסענדערער.

שטעלט אייך פאָר אַ יונגען קליינעם פויער'ל אין דאָרף, וואָס לעבט איבער צום ערשטען מאָל אין לעבען אַ זונען־פינסטערנים. דאָס גאַנצע אונוויסענדע דאָרף איז אויפגערעגט: מען וואַרט בע־שטימט אויף דעם אונטערגאַנג פון דער וועלט. און אָט קומט זי — די קיילעכדיגע פינסטערע מאַכט, אָט האָט זי שוין איינגעשלונגען אַ האַלבע זון, אָט ווערט די זון באַלד בעדעקט אין גאַנצען; אַן אומרוה לויפט דורך צווישען די חיות און עופות, אפילו די היהנער וויסען ניט וואו זיך אהינצוטהאָן — און אָט איז זי, די זון, שוין אין גאַנצען פערפינסטערט. אַ פּאָר סעקונדען דוכט אויס, אַז ביי דער וועלט האָט פערכאַפּט דער אָטהעם, און דאָס קליינע פויערן־קינד שטעהט, אויך מיט אַ פערכאַפּטען אָטהעם, ווי אַ בענומענער און וואַרט אין אַנגסט אויף דעם סוף פון דער וועלט. און פּלוצלונג

— שניידט דורך איין איינציגער שאַרפער זונען־שטראַהל די פער־כשופ'טע פינסטערנים. אין איינעם מיט דעם ערשטען שטראַהל קלינגט אַרויס אַ פרעהליכער צוויטשער פון אַ פויגעל־האַלז — און דער גאַנצער ענגסטליכער כשוף פערפליהט. די זון איז דאָ! די זון איז דאָ! די וועלט בלייבט גאַנץ!

בנוגע צו גייסטיגע זון־פינסטערניסען, צו די שווערע ראַאַק־ציאָנערע צייטען, וועלכע מען מוז דורכלעבען, זענען מיר אַלע, ווי יענער קליינער פויער'ל אין דאָרף. אונז דוכט זיך — די וועלט נעהט אונטער און שוין קיינמאָל וועלען מיר ניט זעהן קיין ליכטי־גען שטראַהל; אָבער — אָט קומט ער, דער ערשטער שטראַהל און ווי דאַנקבאַר זענען מיר פאַר דעם ערשטען פרעהליכען צוויטשער פון אַ פויגעל־האַלז, וואָס דריקט אויס אונזער ערוואַכטען געפיהל פון פרייד און פון האָפענונג.

אַזאַ פרעהליכער צוויטשער איז מ ע ט ע ר ל י נ ק ' ס „בלאָ־הער פויגעל". דאָס איז אַן אָפּטימיסטישער שיר־השירים פון זעלטענער קראַפט און שעהנקייט, אַ געזאַנג פון גלויבען אין דעם מענשען און אין דעם מענשליכען לעבען, אַ געזאַנג פון האָפענונג אויף אַ ליכטיגע צוקונפט, — אַ תמימות'דיגע, בלאָה־אויגיגע קינדער־פרייד פון דער וועלט און פון דער מענשליכער ענטוויקעלונג. און נאָך מעהר חן געווינט די בלאָה־אויגיגע פרייד דערפון, וואָס, ניט קוקענדיג אויף איהר קינדיש־נאַאיווע אויסדרוקס־פאָרם, שפּירט איהר, אַז הינטער איהר ליעגט אַ פעריאָד פון שווערען צווייפעל און הארץ־קלעמענים, אַז דאָס איז באמת אַ זון־שטראַהל, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון געדיכטע שאָטענס. און אויב אונזער בילד פּאַסט ניט אין גאַנצען פאַר מעטערלינק'ס אָפּטימיזם, איז דאָס דערפאַר, וואָס מעטערלינק איז ניט פשוט אַריבערגעשפּרונגען פון טויט־ציטערנים צו לעבענס־פרייד אָהן אַ „פאַר וואָס" און אַ „פאַר ווען". איהר פיהלט, אַז די לעבענס־פרייד איז אַרויסגעוואַקסען פון דער טויט־ציטערנים נאָך אַ שווערען קאַמפּף און אַז אייניגע לייכטע שאָטענס פון דעם פּעסימיסטישען עבר זענען געבליבען אויף אייביג אַריינגעוועבט אין דעם ליכטיגען אָפּטימיסטישען שטראַהל.

אָבער — עס איז בעסער אַפריהער צו דערמאָנען אייך אין

קורצע שטריכען דעם הויפּט־אינהאַלט פון דעם „בלאָהען פויגעל“, איידער מיר געהען ווייטער רעדען וועגען איהם.

צוויי קינדער, — טילטיל און מיטיל, אַ ברודער און אַ שוועסטער, חלום'ען אין דעם וויהנאַכט־אָבענדביידע איין און דעם זעלבינגען חלום, אַז זיי ווערען אויסגעריכט פון דער פעע בעריליונאַ צו זוכען דעם בלאָהען פויגעל. דעם בלאָהען פויגעל דאַרף זי פאַר איהר איינעקעל, אַ קראַנק מיידעלע, וואָס ליידט פון אַ משונה'־דיגער קרענק: „איהר ווילט זיך זיין גליקליך“. די פעע גיט די קינדער אויפ'ן וועג אַ גרינע מיטצעל, מיט אַ צויבער־דימענט אין איהם, וואָס ווי נאָר מען גיט איהם אַ דרעה, אַזוי געהען אַרויס אין דרויסען די נשמות פון אַלע זאַכען, וואָס זענען דאָ אויף דער וועלט: די נשמה פון ליכטיגקייט און פון וואַסער, און פון ברויט און פון צוקער און פון אַלע בוימער און חיות. דאָס איז נויטווענדיג, כדי צו קאָנען געפינען דעם בלאָהען פויגעל. די קינדער לאָזען זיך אַוועק אין זייער נסיעה ניט אַליין, מיט זיי געהען מיט אַ סך נשמות פון יענע זאַכען, וועלכע דער וואונדער־דימענט האָט בעפרייט פון זייער מאַטעריעלער תפיסה. די נשמה פון דעם הונד און פון דער קאַץ און פונ'ם ברויט און פונ'ם צוקער און פונ'ם פייער און פונ'ם וואַסער און פון דער ליכטיגקייט. די הויפּט־ראָליע שפּיעלט די נשמה פונ'ם ליכט, וואָס פיהרט אָן די גאַנצע עקספּעדיציע, לויט די פּלענער פון דער פעע. זיי זוכען דעם פויגעל אין דעם לאַנד פון דער עראינערונג, דערנאָך אין דער ממשלה פון דער נאַכט, דערנאָך אינ'ם וואַלד, דערנאָך אויפ'ן בית־עולם, דערנאָך אין דער ממשלה פון דער צוקונפט. אומעטום, — אחוץ אויפ'ן בית־עולם, — געפינען זיי דעם „בלאָהען פויגעל“ און ווען זיי דוכט זיך, אַז זיי האָבען איהם שוין געכאַפּט, שטעלט זיך באַלד אַרויס, אַז דאָס איז געווען אַ טעות. צום סוף, ווען זיי שטעהען אויף אויף מאָרגען פריה פון שלאָף, בעמערקט טילטיל דאָס בלאָהליכע טייבעלע וואָס הענגט ביי איהם אין שטייגעל. אמת, ער איז ניט אַזוי בלאָה, ווי דער פויגעל, וועלכען מען האָט געזוכט אין חלום, אָבער פאָרט אַ בלאָהער פויגעל. און בעת עס קומט די שכנ'טע בערלענגאַ, וואָס איז עהנליך צו דער פעע בעריליונאַ פון חלום, — די קינדער, אגב, ווייסען ניט אַז דאָס איז געווען אַ חלום, זיי זענען זיכער, אַז זיי זענען אַ גאַנץ

יאָהר ניט געווען אין דער היים, — און בעט דאָס בלאָהליכע טייבעלע פאַר איהר קראַנקען אייניקעל, איז טילטיל זיכער, אז ער האָט סוף־כל־סוף אויסגעפיהרט די שליחות, אין וועלכער די פעע בערלענגא־בעריליונא האָט איהם געשיקט. „נעהמט, שכנ׳טע בערלענגא“, זאגט ער, אוועקגעבענדיג איהר זיין טייבעלע מיט׳ן שטייגעל. „זי איז נאָך ניט אין גאַנצען בלאָה, אָבער איהר וועט שוין זעהן, זי וועט ווערען אַקוראַט אזא, ווי מען דאַרף. טראָגט עס נאָר גיכער אוועק צו אייער אייניקעל.“ דאָס קראַנקע אייניקעל ווערט געזונד פון דעם „בלאָהען פויגעל“, וואָס איז תמיד געהאַנגען ביי טילטיל׳ן אין שטייגעל, און קומט דאַנקען טילטיל׳ן. אבער בעת טילטיל וויל נעהמען ביים מיידעלע דאָס טייבעלע, צו פיטערען עס, רייסט זיך עס ארויס פון זייערע הענד און פליהט אוועק. דאָס מיידעלע שרייט אין פערצווייפלונג: „באָבעניו! — אוועקגעפלויגען!“ און וויינט זיך הויך פאַנאַנדער. אָבער טילטיל טרייסט זי: „נישקשה, וויין ניט, איך וועל דאָס כאַפּען“ און ווענדט זיך צום סוף פון דער שטיק צו דעם עולם אין טהעאַטער און בעט איהם: „אויב ווער פון אייך וועט עס געפינען, זייט אזוי גוט און ברענגט עס אונז צוריק. מיר דאַרפען דאָס זעהר נויטיג האָבען, כדי צו זיין גליקליך דערנאָך“.

דאָס איז די גאַנצע מעשה. דאַכט זיך, ניט גאָר קיין פרעהליכע. אדרבא, א מעשה ניט פון נצחונות, נאָר פון שטענדיגען פערליערען — און פון דעסטוועגען שלאָגט פון יעדער סצענע איהרער אזוי פיעל פרייד, אַז איהר נעהמט אָן אַלע פערלוסטען, ווי א נויטווענדיגע אונפערמיידליכע זאַך, פון וועלכער מען טאָר בשום אופן ניט אריינפאַלען אין יאוש.

דערהויפּט איז פול מיט אָפּטימיזם די הויפּט־פיגור פון דער שטיק, טילטיל, — אויב דאָ קאָן מען בכלל רעדען פון א וועלכער עס איז הויפּט־פיגור.

שוין גאָר אין אָנהויב פון דעם שטיק, איידער די קינדער געהען שלאָפען, קוקען זיי, הונגעריגע און אָרעמע, דורך א שפּאַלט אין לאָדען, ווי די רייכע קינדער פון אַנטקעגען זענען זיך משמח מיט די געשענקען און די אַלע מיני גוטע זאַכען, וואָס מען האָט זיי נעגעבען צו קריסטוס׳עס געבורטס־נאַכט. דאַכט זיך, דאָס קאָן

ארויסרופען גענוג שנאה און קומער אין קינדערשע הערצעלעך. אָבער ניט ביי טילטיל׳ן, ער לעבט מיט די פריידען פון די אַנדערע; און ווען זיי טאַנצען, פארוועלט זיך אויך איהם כאַפּען אַ טענצעל און בעת זיי קוויקען זיך מיט די געשמאַקסטע פלעדלעך, קוועלט ער אָן פון שמחה, און שטעקט אָן מיט זיין אָפּטימיסטישער שטימונג אויך זיין שוועסטער׳ל. שפּעטער, ווען ער קומט (אין חלום שוין) אין דאָס לאַנד פון דער עראינערונג, צו דעם געשטאָרבענעם זיידען צו־גאַסט, און שטיפט זיך פאַנאַנדער ביים טיש און קריגט אַ רעכטען פּלאַם אין באַק אריין פון דעם זיידען, ווערט ער, אמת, אויף אַ רגע מטושטש, דערנאָך לעגט ער צו די האַנד צו דער באַק און הערט ארוים מיט שמחה: „יע, פּונקט אַזוי פּלעג איך קריגען פון דיר, ווען דו האָסט נאָך געלעבט. זיידעניו, ליעבינקער, ס׳איז אַזאַ מחיה, ווען דו פּאַטשסט! ווייז, איך וועל דיך דערפאַר אַ קוש טהאָן!“

ס׳איז, הפנים, ניטאָ קיין צרות און קיין גליקען דרויסען פון אונז. דאָס הענגט אַלץ אָב פון אונז, ווי מיר נעהמען דאָס אויף, פון דער גרונד־שטימונג, אין וועלכער מיר געפינען זיך. איז דאָס הארץ פול מיט פרייד און לעבענס־לוסט קאָן דער גרעסטער וועהטאָג ניט אריינוואַרפען אונז אין טרויער, און מיר וועלען שטענדיג געפינען אַ טעם, פאַר וואָס מען דאַרף זיך פרעהען.

אויב די גאַנצע בעדייטונג פון דעם „בלאָהען פויגעל“ וואָלט בעשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס ער שטאַרקט אין אונז, דורך אינ־טערעסאַנטע סצענען, די פריידיגע שטימונג און די לוסט צום לעבען, וואָלט דאָס אַליין שוין אויך געווען אַ גרויסער פערדיענסט. אָבער דאָס ווערק איז אַחוץ דעם אַ סימבאָליש ווערק, וואָס רעדט ניט נאָר צו אונזער געפיהל און צו דעם עסטעטישען געמיטה, נאָר אויך צו אונזער געדאַנק, — וועלכען געדאַנק וויל מעטערלינק ארויסברענ־גען? ווער אָדער וואָס איז דער בלאָהער פויגעל, וועלכען מיר זוכען אומעטום, וועלכען מיר קאָנען ניט געפינען, וואָס איז אונז אַזוי נויטיג און וואָס פון דעסטוועגען זאָלען מיר זיך ניט שטאַרק נעהמען צום הארצען, ווען מיר האָבען עס ניט, אָדער ווען מיר קאָנען עס ניט האָבען אין גאַנצען „בלאָה“?

מען דערצעהלט, אַז ווען מען האָט מעטערלינק׳ען אַליין גע־

פרעגט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען מיט זיין ווערק, האָט ער געענטפערט: „גאָרנישט! ס׳איז אַ שעהנע קינדערשע מעשה׳לע“.

אז דאָס איז אַ שעהנע קינדער־מעשה׳לע, אַ בלומען־גאָרטען פון ריינער פּאָעזיע, וואָס פער׳כשופ׳ט דאָס אויג, אין דעם איז גאָר קיין ספק ניטאָ. אָבער אז ער האָט גאָר נישט געוואָלט זאָגען דער־מיט, זענען מיר ניט מחויב צו גלויבען. אָדער האָט אפשר מעטער־לינק אַליין ניט געוואוסט, וואָס אזוינס עס האָט זיך ביי איהם געזאָגט? אזאַ מעשה טרעפט אפטמאָל מיט אַ קינסטלער, וואָס איז נאָר אַ קינסטלער און ביי וועמען „דער גאַנצער שכל איז אריין אין טאַלאַנט“, ווי ביעלינסקי האָט זיך אויסגעדריקט, איך געדענק שוין ניט, אויף וועמען. מעטערלינק אָבער איז ניט נאָר אַ דיכטער, נאָר אויך אַ דענקער. ביי איהם לעבט דער שכל אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען נאָך דרויסען פון דעם טאַלאַנט אויך. אין אזאַ פאַל איז שווער אָנצונעהמען, אז ער האָט אַליין ניט פערשטאַנען דעם שכל׳דיגען געדאַנק, וועלכען ער האָט אַרויסגעבראַכט.

אויב די דערצעהלונג וועגען מעטערלינק׳ס ענטפער איז אמת, — פערגעסט ניט, איך האָב עס פון אַ נאָטיץ אין אַן אַמעריקאַנער צייטונג, הייסט עס, אז מען קאָן גוטע נייעס און נייענציג פּראָצענט זיין אין ספק וועגען איהר ריכטיגקייט, — האָט מסתמא זיך מעטער־לינק געשעהמט אויסצוזאָגען דעם אינוועניגסטען מיין פון זיין ווערק, — געשעהמט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דעם, וואָס האָט גע־פרעגט, — ווייל דער געדאַנק איז גאָר ניט אזוי טיעף פערבאָרגען, מען זאָל דאַרפען שטאַרק ברעכען דעם קאָפּ און — לאָמיר שוין דאָס איצטער אַרויסזאָגען אין גאַנצען: ער איז גאָר ניט אזוי טיעף פאַר זיך, — איך מיין, ניט אזוי אָריגינעל און ניי, עס זאָל שווער זיין איהם צו בענעהמען.

איינע פון די אורזאַכען, פאַר וואָס מען האָט דעם „בלאָהען פויגעל“ ניט פערשטאַנען אויפ׳ן שטעל, בעשטעהט, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אין דעם, וואס דאָס רוב עולם האָט געזעהן אין איהם ניט נאָר אַ סימבאָליש ווערק, נאָך אויך אַ טיעפע אַלעגאָריע. דער „בלאָהער פויגעל“ איז אָבער ניט קיין אַלעגאָריע, נאָר אַ סימבאָל.

אַן אַלעגאָריע איז אַ גאַנצע, פולע איבערזעצונג פון אַ וועל־

כען עס איז געדאַנק אין די שפּראַך פון בילדער, אַזוי, אַז יעדעס בילד אָדער עלעמענט פון דער איבערזעצונג האָט זיין טייטש און פערבאָרגענעם מיין אין דעם גאַנצען סיסטעם פון דעם געדאַנק. אַזאַ'ן אַלעגאָריע איז ווי א גאַנצער בוים, וואָס נעהמט אריין דעם געדאַנקען אין אַלע זיינע איינצעלהייטען: זיינע וואָרצלען, דעם שטאַם, די צווייגען, ריטלעך, בלעטער, בלומען און פּירות. קיין בילד, קיין וואָרט, טאָר דאָרטען ניט זיין „סתם אַזוי"; יעדערער דאַרף זיין א רמז אויף א וועלכען עס איז טהייל פון דעם בוים, אַן אָנצוהערעניש אויף א פערבאָרגענעם געדאַנק. א סימבאָליש ווערק איז אין דעם פּונקט א סך פרייער. דער סימבאָל איז ניט מעהר ווי א רמז אויפ'ן געדאַנק, וואָס ווערט אָנגעטייט מיט א פּאָר וויכטיגע שטריכען — ער איז דער אינוועניגסטער פאָדים פון דער פּערל־שנור. די איינצעלנע פּערל ווערען אָבער אָנגעטהאָן אויף איהם לויט א גאַנץ אַנדער לאָגיק, איידער די לאָגיק פון דעם גרונד־געדאַנק.

אַז דער „בלאָהער פויגעל" איז ניט קיין אַלעגאָריש ווערק, נאָר א סימבאָליש און אַז מיר דאַרפען דעריבער ניט זוכען קיין פערבאָרגענע געדאַנקען אין יעדען שטריך פון זיינע בילדער, קאָן מען בעווייזען אַזוי קלאָר ווי דער טאָג.

פאַראַן אין דעם ווערק א גאַנצער אַקט, וואו די קינדער קומען ביינאַכט אויף דעם בית־עולם צו זעהן, אפשר האָט איינער פון די מתים צוגענומען דעם „בלאָהען פויגעל" מיט זיך אין קבר.

עס איז א לבנה־נאַכט. טילטיל און מיטיל שטעהען אויפ'ן בית־עולם, וואַרטען ביז עס וועט שלאָגען צוועלף, ווען עס וועלען זיך עפענען די קברים, און פיהרען דערוויילע א געשפּרעך וועגען די מתים. לאָמיר זיך גוט אריינהערען אין א טהייל פון זייער שמועס.

„מ י ט י ל: געהען זיי אַרויס, ווען עס איז שעהן דרויסען?

ט י ל ט י ל: זיי קאָנען אַרויסגעהן נאָר ביינאַכט.

מ י ט י ל: פאַר וואָס?

ט י ל ט י ל: ווייל זיי זיינען דאָך נאָר אין איינע העמדער."

די מתים, הייסט עס, געהען אַרוים נאָר ביינאַכט, ווייל זיי האָבען ניט קיין קליידער... הם! דאָ מוז אודאי עפּעס שטעקען! אָבער וואָס? אפשר, אַז פאַר די מתים, וואָס זענען אין דעם עלמא דקשוט, איז דער אמת ניט אַזוי פערדעקט מיט מלבושים ווי פאַר

אונז? — אָבער לאָמיר הערען ווייטער: טאָמער וועט דאָס ווערען קלאָרער.

„מ י ט י ל: געהען זיי ארוים אויך אין רעגען?

ט י ל ט י ל: ניין, ווען עס רעגענט, זיצען זיי אין דער היים."

שוין אביסעל צו טיעף...

„מ י ט י ל: איז ביי זיי שעהן דאָרטען, זאָג?

ט י ל ט י ל: מען זאָגט, אז דאָרטען איז זעהר ענג."

„ענג"? הם!

„מ י ט י ל: און קינדערליך האָבען זיי?

ט י ל ט י ל: ווי דען־זשע? אלע, וואָס שטארבען, קומען צו זיי..."

הם!

„מ י ט י ל: און פון וואָס לעבען זיי?

ט י ל ט י ל: זיי עסען װ א ָ ר צ ל ע ן..."

אהא! דאָ האָבען מיר, ענדליך, עפּעס קלאָרעס, א שטיקעל פאָדים פון א געדאנק. די מתים וואָס לעבען אין דעם עולם האמת, שפּייזען זיך מיט די טיעפסטע פערבארגענסטע אמת'ן, מיט די וואָרצלען פון די זאכען, און ניט מיט די אויבערפלעכליכע פּירות, וואָס יעדעס מענשליכע אויג קען עס זעהן און יעדע מענשליכע האנד אראָברייסען... טיעף, זעהר טיעף... אָבער וואָס איז פאָרט מיט די העמדלעך זייערע און מיט דעם רעגען, וואָס לאָזט זיי ניט ארויס־געהן, און מיט דער ענגקייט, און מיט די קינדערלעך?

אָבער — אביסעל ווייטער! מיטיל נעהמט זיך אלץ ניט איין, זי וויל דערגרונטעווען די סודות פון די טויטע ביז'ן סוף.

„מ י ט י ל: וואָס וועלען זיי זאָגען?

ט י ל ט י ל: זיי וועלען גאָרנישט ניט זאָגען; זיי רעדען דאָך ניט.

מ י ט י ל: פאר וואָס רעדען זיי ניט?

ט י ל ט י ל: ווייל זיי האָבען ניט וואָס צו זאָגען.

מ י ט י ל: און פאר וואָס האָבען זיי ניט וואָס צו זאָגען?

ט י ל ט י ל: הער אויף, דו האָסט מיר דערעסען."

ווי קומט ד א ָ ס? וואָס הייסט, די מתים, וואָס איינער פון זיי האָט אפשר בעהאלטען דעם „בלאָהען פויגעל" ביי זיך, וואָס

אַלע פֿון זיי שפּייזען זיך מיט די פּערבאַרגענסטע וואָרצלען פון אַלע אמת'ן, — וואָס הייסט, זיי זאָלען ניט האָבען וואָס צו זאָגען?

אָבער אָט — קומט אָן די שרעקליכע מינוט, ווען די קברים עפענען זיך. מיטיל איז אין איינע ציטערנים: „טילטיל! איך קאָן ניט!... איך האָב מורא! זיי וועלען ארויס פון דער ערד!" — „ציטער ניט אזוי", טרייסט זי טילטיל. „זיי וועלען ארויסגעהן נאָר אויף איין מינוט!" אָבער אליין, הפנים, האָט ער, דער נאָר ניט שרעקעדיגער אינגעל, אויך אַ ביסעל פּחד.

„טילטיל טהוט אַ דרעה דעם דימענט. אַ שוידערליכע מינוט פון שטילשווייגען און אונבעוועגליכקייט. דערנאָך הויבען אָן די צלמים זיך ביסלעכווייז פאַנאַנדערשאָקלען, די בערגלעך עפענען זיך און די מצבות הויבען זיך אויף."

„מ י ט י ל (דריקט זיך צו פעסט צו טילטיל'ן): זיי געהען ארויס! אָט זענען זיי!"

„פון אַלע אָפענע קברים הויבט זיך ביסלעכווייז אויף אַ מאַסע בלומען, צוערשט אַ לייכטע און בלייכע, ווי אַ דאַמפּף, דערנאָך אַ ווייסע, יונגפרוייליכע, וואָס ווערט אַלץ מעהר און מעהר געדיכטער, מעהר און מעהר העכער, פּרעכטיגער. מעשה האַרר, פּילט זי אויס אַלץ ארום און פערוואַנדעלט דעם בית־עולם אין אַ צויבער־גאָרטען, און אויפ'ן שטעל הויבט אָן איבער איהם טאָגען די מאָרגען־רויט. דער טוי גלאַנצט, די בלומען עפענען זיך, דער ווינד וויספּערט צווישען די בלעטער, די ביהנען זשומען, די פויגעל ערוואַכען און טרינקען אָן די לופט מיט די ערשטע צאַרטע קלאַנגען פון זייער שירה צו דער זון און צו דעם לעבען. פער'חדוש'טע, געבלענדטע, האַלטענדיג זיך פאַר די הענד, מאַכען טילטיל און מיטיל עטליכע שריט צווישען די בלומען, זוכענדיג די שפּורען פון די קברים."

„מ י ט י ל (זוכט אין גראָז): איז, וואו זענען די מתים?"

„ט י ל ט י ל (זוכט אויך): ניטאָ קיין מתים!" *)

---

*) פאַר מיינע ציטאַטען פון דעם „בלאָהען פויגעל" האָב איך דאָ, ווי אויך אומעטום, בענוצט די רוסישע איבערזעצונג פון בינשטאָק און וועגנגעראָוואַ (אויס דער רוסישער אוניווערסאַל־ביבליאָטעק), ווי אויך די אידישע איבערזעצונג פון העררן מייער (לאָנדאָן).

און דערמיט ענדיגט זיך דער אקט אויפ׳ן בית־עולם—אָבער: אויב עס זענען ניטאָ קיין מתים — און דאָס וויל מעטערלינק ארויסברענגען מיט׳ן גאַנצען סימבאָל פון דעם אקט — היינט וואָס איז שייך צו רעדען וועגען זייערע העמדלעך און וועגען זייער וואָר־צעלהאַפטער שפּיין?

איז דער תירוץ: דער גאַנצער שמועס פון די קינדער אויפ׳ן בית־עולם האָט קיין ברעקעל אַלעגאָרישע בעדייטונג ניט, און עס האָט קיין סמן שייכות ניט צו דעם סימבאָל. נאָר — קינדער שטעהען אַליין ביי נאַכט אויפ׳ן בית־עולם, פערגלוסט זיך דעם דיכטער אריינצוקריכען אין זייער קינדערש מוח׳ל און זעהן, ווי דאַרטען מאָלט זיך אויס זייער פאָרשטעלונג וועגען דער מתים־וועלט. און איז דען זייער קינדערשע פּסיכאָלאָגיע אַזוי ווייט פון אונזערער? גלויבען דען מיר ניט ערגעץ וואו אין דער טיעף, אז די מתים וואוינען אין די קברים, אפילו יעמאָלט, ווען זייער שטאָף איז שוין לאַנג אריבער אין די בלומען און אין די גראָז? קומען מיר ניט צו גאַסט צו אונזערע טהייערע, אייביג אונפערגעס־ליכע מיט פרישע קרענץ און מיט אַ הארץ, פול טרויער און בענקר שאַפט? — מעטערלינק איז אין דער סצענע געוועזען ניט אַזוי דער סימבאָליקער, ווי דער רעאַליסטישער פּסיכאָלאָג, וואָס לאָזט זיך פיהרען ניט דורך דעם הויפּט־געדאַנק פון זיין ווערק און אויך ניט פון זייטיגע סימבאָלישע נויטען, נאָר מעהר פאַר אַלץ, דורך דער פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ע ר  ל אַ ג ע, וואָס ווערט בעשאַפען אין דעם גאַנג פון דעם סימבאָל, דורך די רעאַלע בעציהונגען, וואָס הערשען צווישען זיינע אויסגעטראַכטע פיגורען.

אמת, אפילו אויך דאָ, וואו ער האָט ניט קיין בעשטימטע פּניה אין זין, וואו זיין האַנד ווערט געפיהרט פון דער פּסיכאָלאָ־גישער לאַגע און דעם רעאַלען כאַראַקטער פון זיינע פיגורען, שפּרינ־גען ארויס אָפט אונערוואַרטעטע סימבאָלען, וואָס האָבען אַן אַל־געמיינע לעבענס־בעדייטונג. זיי נעהמען ארום אַ סך עהנליכע פעללען פון לעבען און האָבען ניט אין זינען קיין איינציגען בעשטימטען פון זיי. עס איז ווי אַ טרויעריגער מאָטיוו אין דער מוזיק, וואָס איינעמ׳ס הארץ גיסט אין איהם אויס זיין צער, ווייל זיין אידעאַל האַלט ביים שטאַרבען, און דעם אַנדערנ׳ס הארץ צו־

געהט אין דעם זעלביגען טרויער, ווייל זיין ליעב מיידעל איז פון איהם אוועק.

איך קאָן מיך קיין מאָל ניט דערמאנען אהן א טרויעריגען שמייכעל יענע קאָמישע סצענע אין דעם ערשטען אקט, ווען די נשמות פון די באַלעבאַטישע חפצים זענען ארוים פון זייערע בעַ־העלטעניסען, א דאנק דעם דרעה פון דעם צויבער־דימענט. מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיהר, און טילטיל האָט צו שנעל א דרעה געטהאָן דעם דימענט צוריק, אזוי, אז די נשמות האָבען ניט גע־קאָנט ווידער אַריינקריכען אין זייערע גופים. וואָס פאר א פאַ־נישער שרעק האָט אַרומגענומען די דאָזיגע באַלעבאַטישע חברה! איבערהויפּט, דער בכבוד'ער לאַבען ברויט, וואָס איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען צוריק אריינצוקריכען אין דייזשע! וואָס פאר א קלאָגען און פערצווייפעלטע געשרייען! הערט זיך צו צו א שטיקעל פון דער סצענע!

די פעע: וואָס איז אזוינס געשעהן?

דאָס ברויט (בעגיסט זיך מיט טרעהרען): אין דייזשע איז שוין ניטאָ קיין אָרט פאר מיר.

די פעע (בויגט זיך איין איבער דער דייזשע): ס'ט'זיך געפינען. (שטופּט פאַנאַנדער די איבעריגע ברויטלעך, וואָס האָבען שוין פערנומען זייערע ערטער) נו־נו, מאכט א פּלאַץ. (מען קלאַפּט ווידער אין טהיר).

דאָס ברויט (מטושטש, פליוסט זיך אומזיסט אַריינצוקריכען אין דייזשע): ניטאָ פאר מיר וואוהין אריינצוקריכען... ער וועט מיך, דעם ערשטען, אויפפרעסען!

דער הונד (שפּרינגט אַרום טילטיל'ן): דו, גאָטהייט מיינע!... איך בין נאָך דאָ... איך קאָן נאָך רעדען צו דיר... איך קאָן נאָך דיך קושען. נאָך און נאָך און נאָך!

די פעע: זעה, דו ביסט נאָך אויך דאָ, הונד?

דער הונד: יע, גאָר ניט קיין הינטישער מזל!... איך האָב מיך ניט געקאָנט אומקעהרען צוריק אין דער ממשלה פון שווייגען. דער טראָפּ האָט זיך צו גיך פערמאכט.

די קאַץ: און מיין טראָפּ אויך. איז וואָס וועט איצטער זיין? דאָ בלייבען איז א שאַרפע סכנה.

ד י  פ ע ע: יע, איך וויל אייך ניט לייקענען. אלע, וואס וועלען מיטגעהן מיט די צוויי קינדער וועלען צום סוף פון דער נסיעה מוזען שטארבען.

ד י  ק א ץ: און די, וואס וועלען ניט געהן מיט זיי?

ד י  פ ע ע: יענע וועלען אויך שטארבען. געהן מיט זיי אָדער דאָ בלייבען, — איין סוף פאר אלעמען.

ד י  ק א ץ (צו דעם הונד): קום, לאָמיר צוריק אריין אין טראפּ.

ד ע ר  ה ו נ ד: ניין, ניין! איך וויל ניט... איך וועל געהן אין איינעם מיט מיין גאָט. איך וועל די גאנצע צייט רעדען מיט איהם!

ד י  ק א ץ: שוטה! (ווידער א קלאפּ אין טהיר).

ד אָ ס  ב ר ו י ט (גיסט זיך מיט הייסע טרעהרען): איך וויל ניט שטארבען צום סוף נסיעה. איך וויל גיכער צוריק אין דער דייזשע“.

דאָס פייער איז די גאנצע צייט אומגעלאפען אין א שווינדלענדער גיכקייט איבער׳ן צימער און לאָזט ארוים רחמנות׳דיגע געשרייען, אז ער קאָן ניט געפינען צוריק דעם אויוועז. דאָס וואַסער האָט זיך אומזיסט געפלייסט ארייננצוקריכען צוריק אין קראַנט אריין. דער צוקער האָט צוריסען זיין היטיל פון בלאָהע, בולבולעפאפיער און די מילך קאָנסטאטירט פערשעהמט און קאלטבלוטיג, אז איהר קריגעל איז צובראָכען.

„ד י  פ ע ע: רבונו של עולם, וואס פאר א שוטים! וואס פאר א פּרא אָדם׳ס! וואס פאר א ציטעריגע נפשות! נישיים, וואלט זיך אייך בעסער געוואלט לעבען ווי פריהער אין די פערמאכטע קעסטלעך, טראפּעס, קראַנטען, איידער צו געהן מיט די קינדער נאָך דעם בלאָהען פויגעל?

א ל ע (א חוץ דעם הונט און דער נשמה פון ליכטיגקייט): יע! וואס גיכער צוריק אויף דעם אלטען אָרט! אין קראנט... אין דייזשע... אין אויוען... אין טראַפּ...“

אין אונזערע צייטען האָט מיט א סך, א סך נשמות געטראָפען פונקט אזא׳ן אונגליק. די רוסישע רעוואלוציע האָט, ווי יענער צויבער־דימענט, ארויסגערופען צום לעבען נשמות, וואס האָבען

פריהער אין פריעדען געראַהט אין דער ממשלה פון שוויגען אין זייערע דייזשעס און קראַנטען. אָבער — אַט האָט מען דעם די־מענט צו שאַרף א דרעה געטהאָן און פיעלע פון זיי זענען נעבעך געבליעבען דרויסען און האָבען ניט געקאָנט אַריין צוריק... און דאָס האַרץ בענקט אַזוי נאָך דער „דייזשע"! זאָל מען מיט־פיהלען מיט זייער טראַגעדיע? זאָל מען לאַכען פון זייער קאָמישען צער? אי לאַכען, אי וויינען, — דערהויפּט, ווען מען האָט פאַר די אויגען די אָרימע נשמות פון פּוטער און פון צימעס, וועלכע מען האָט ניט אַריינגעלאָזען צוריק אין זייערע טעפּלעך, און וואָס מוזען נעבעך בלייבען מיט די, וואָס געהען זוכען זייער „בלאָהען פויגעל"...

א צווייטען טעות אין דעם אויסטייטשען פון מעטערלינק'ס ווערק מאַכען יענע מפרשים, וואָס ווילען זעהן אין דעם בילד פון דעם בלאָהען פויגעל דעם סימבאָל פון דעם מענשליכען גליק. מענ־שען זוכען אומעטום דאָס גליק, נאַרען זיך אַלע מאָל אָב, ווילען זיך נאָכדעם בעפריעדיגען מיט דעם האַלבען גליק, — דעם ניט גאָר בלויען, — וואָס זיי האָבען אין שטייגעל ביי זיך אין דער־היים, — און אויך דער גליק רייסט זיך ארויס פון זייערע הענד. אָט דאָס, מיינען זיי, האָט געוואָלט מעטערלינק זאָגען מיט זיין ווערק.

די „מפרשים", וואָס האָבען זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנד־פּונקט, דערמאָהנען אָן דעם, אַז ערגעץ וואו אין זיד־פראַנקרייך האָט די פאָלקס־לעגענדע שוין סימבאָליזירט א מאָל דאָס גליק אין דעם בילד פון א „בלאָהען" פויגעל. זיי וואָלטען אויך געקאָנט ברענגען א פּאָר שטעלען פון דעם ווערק גופא, וואָס וואָלטען זיין א ראיה צו זייערע רייד.

אָבער אַז מען טראַכט זיך אַריין טיעפער אין יענע שטעלען, וואו די פּערסאָנאַזשען פונ'ם ווערק רעדען וועגען דעם „בלאָהען פויגעל", זעהט מען ווי אויבערפלעכליך אַזאַ פּעסימיסטישער אויס־טייטש איז, וואָס געהט, אגב, אין גאַנצען להיפך צו דעם געזונדען אָפּטימיסטישען, לעבענס־פריידיגען טאָן, מיט וועלכען דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגעדרונגען.

לאָמיר זיך דעריבער ניט פוילען און דורכגעהן, איינס נאָכ'ן

אַנדערען, יענע שטעלען, וואו דער דיכטער גיט אונז אַליין דעם סוד אין די הענד, ווי אַזוי פאַנאַנדערצופלאָנטערן זיין רעטענים.

גאָר אין אָנהויב דערקלעהרט די פעע, אַז זי דאַרף נויטיג ווי אין לעבען דעם בלאָהען פויגעל פאַר איהר קליינער קראַנקער טאָכ־טער. „וואָס פעהלט איהר דען?“ — פרעגט טילטיל. „איך ווייס אַליין אויך ניט קלאָר, וואָס מיט איהר איז. איהר ווילט זיך זיין גליקליך“, ענטפערט די פעע. פון דעם ענטפער קאָן מען באמת מיינען, אַז דאָ רעדט זיך וועגען דעם פּראָבלעם פון גליק און נאָר פון גליק. אָבער שוין אין דעם ערשטען אַקט ווערט דער געדאַנק אַ ביסעל קשה׳דיג. די פעע גיט די קינדער דאָס גרינע מיצעל מיט דעם צויבער־דימענט, וואָס אַ דאַנק איהם קאָן מען זעהן די פערבאָרגענע איינגענשאַפטען פון אַלע זאַכען. „דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב“, זאָגט זי, „כדי צו העלפען אייך זוכען דעם בלאָהען פויגעל“. דער צויבער־דימענט, וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונז די פערבאָרגענע נשמות פון די ערשיינונגען, קאָן זיין אָדער די וויסענ־שאַפט, אָדער די מעטאַפיזיק. על כל פנים דאָס מענשליכע טהעאָ־רעטישע פאָרשען. גלויבט דען מעטערלינק באמת, אַז דאָס גליק קאָן געפונען ווערען אויף דעם וועג פון ריינער טהעאָריע? האָט ער דען גאָר פערגעסען וועגען דעם אַלטען שפּרוך פון דער אַלטער אידישער לעבענס־חקירה, אַז „יוסיף דעת, יוסיף מכאוב“? און אויב ער איז ניט איינפערשטאַנען מיט יענעם אַלטען זיפץ, — גלויבט ער דען, אַז דורך דעם, וואָס מיר וועלען אויסגעפינען די נשמה פון ברויט און פון וויין און פון פעפער; דורך דעם, וואָס מיר וועלען אָנזאַמלען אוצרות און אוצרות פון איינצעלנע פאַקטען, וועלען מיר זיך דערנעהנטערן צו דעם העכסטען אידעאַל פון מענש־ליכען גליק? — אַזאַ געדאַנק וואָלט געקאָנט געבוירען ווע־רען אין די פליטער־וואָכען פון דער מענשליכער וויסענשאַפט, אָבער ניט איצטער, ווען מיר האָבען יאָהרהונדערטע פון וויסענשאַפטליכע ערפאַהרונגען הינטער אונז.

איך וויל אויך בעמערקען, אַז דער געדאַנק פּאַסט אויך ניט צו דעם בילד פון מעטערלינק׳ען, דעם דענקער, אויף וויפיעל ער מאָלט זיך אונז אויס אין זיינע פילאָסאָפישע בעטראַכטונגען. אָבער מיר קאָנען דאָ לאָזען זיינע אַנדערע שריפטען אין גאַנצען אָן אַ

זייט! מיר האָבען אין דעם „בלאָהען פויגעל" גופא גענוג מאַ־טעריאַל, כדי פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין דער פראַגע.

אין דעם צווייטען אַקט, ווען די פעע גרייט אַלץ אָן צו דער קינדער'ס רייזע, הויבט אָן די קאַץ צו אינטריגירען אַנטקעגען די קינדער. אין דעם געפינען פון דעם „בלאָהען פויגעל" זעהט זי אַ גרויסע געפאַהר פאַר זיך און דער גאַנצער ניט מענשליכער נאַטור — און וויל איינשמועסען אויך די איבעריגע ניט־מענשליכע מיט־העלפער, זיי זאָלען ניט דערלאָזען, אַז דער פּלאַן פון דער פעע זאָל מקוים ווערען.

„הערט זיך איין", זאָגט די קאַץ צו זיי. „מיר אַלע, וואָס זענען דאָ פערזאַמעלט, — חיות, חפצים און סטיכיעס, — האָבען אַ נשמה, וואָס דער מענש קאָן זי נאָך ניט משיג זיין. אַ דאַנק דעם איז דערווייל פערבליעבען ביי אונז אַ ברעקעלע אונאַבהענגינקייט. אָבער, אויב דער מענש וועט געפינען דעם „בלאָהען פויגעל", וועט ער אַלץ וויסען, אַלץ זעהן, און מיר וועלען זיין אין גאַנצען אונטער־געוואָרפען אונטער זיין מאַכט. איך האָב מיך דערוואוסט דערפון פון מיין אַלטען פריינדעל, די נאַכט, — זי איז דאָך דער שומר פון דעם סוד פון לעבען. מען מוז דעריבער זעהן מיט אַלע כחות בשום אופן ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל געפינען דעם פויגעל".

אויב דער „בלאָהער פויגעל" איז דאָס גליק, איז יעמאָלט די גאַנצע טענה פון דער קאַץ לגמרי ניט צו פערשטעהן. וואָס קאָן דאָס שאַדען דער אונאַבהענגיגקייט פון דער נאַטור, ווען דער מענש וועט זיין גליקליך? די סכנה פאַר דער נאַטור בעשטעהט, ווי די קאַץ זעהט דאָס גאַנץ קלאָר, אין דער מענשליכער וויסענשאַפט און אין זיין הערשאַפט איבער די נאַטירליכע קרעפטען. אָבער — איז דען גליק דער וועג צו ערקענטניס? אויב יע, וואָלטען מיר דאָ געהאַט פאַר זיך דעם איבערגעקעהרטען געדאַנק פון פריהער. דאַר־טען איז די וויסענשאַפט געווען דער איינציגער וועג צום גליק, — דאָ, ווייזט אויס, איז גאָר דער גליק דער איינציגער וועג צו דער ערקענטניס.

דער געדאַנק, אַז דער „בלאָהער פויגעל" דאַרף פערשטאַרקען די מאַכט פון דעם מענשען איבער דער נאַטור און עפענען איהם אַלע סודות פון דעם זיין, ווערט אויך אַרויסגעבראַכט אין דער

וואלד־סצענע, וואו די קאַץ האָט אויפגערודערט אַלע לעבעדיגע נאַטור־קרעפטען צום קאַמפּף אַנטקעגען דעם מענשען. „טילטיל, דער זוהן פון דעם האָלץ־האַקער, וואָס האָט אייך אַזוי פיעל רעות אָנגעטהאָן“, דערצעהלט זי די בוימער פון וואַלד, „זוכט דעם בלאָהען פויגעל, וואָס איהר האָט איהם בעהאַלטען פון דעם מענשען, זינט דעם אָנהויב פון דער וועלט און וועלכער וויים אַליין אונזערע סודות“.

שטעלט דאָ אריין אָנשטאָט דעם „בלאָהען פויגעל“ — „דאָס מענשליכע גליק“, און דער גאַנצער זאַץ פערליערט יעדען זין. דער וואַלד האָט בעהאַלטען דאָס מענשליכע גליק פון אָנהויב אָן, ווייל דאָס מענשליכע גליק וויים אַלע סודות פון דער נאַטור! אַ גרעסערען אונזין איז זיך שווער פאָרצושטעלען.

אויך אין די רייד פון דעם דעמב, דעם מלך פון וואַלד, צו די לעבעדיגע בעשעפענישען פון דער נאַטור קלינגט דורך דערזעלביגער מאָטיוו, וואָס מאַכט אונמעגליך צו גלויבען, אַז דער „בלאָהער פויגעל“ זאָל זיין דאָס גליק. „דאָס אינגעלע, וואָס שטעהט דאָ פאַר אייך“, דערקלעהרט ער זיי, „פערמאָגט אַ קמיע, וואָס מען האָט צוגע׳גנב׳עט ביי דעם מעכטיגען גייסט פון דער ערד. אַ דאַנק דער קמיע קאָן ער אָוועקנעהמען פון אונז דעם „בלאָהען פויגעל“ און דערמיט גופא ארויסרייסען פון אונז דעם סוד, וואָס מיר האָבען בעהאַלטען זינט דעם אָנהויב פון די צייטען“.

אַז דער „בלאָהער פויגעל“ איז ניט דער סימבאָל פון גליק, קאָן מען זעהן אויך פון דעם דעמב׳ס רייד צו טילטיל׳ן: „איך וויים“, זאָגט ער איהם, „אַז דו דאַרשט נאָך דעם „בלאָהען פויגעל“ כדי איינצונעהמען דעם גרויסען סוד פון די זאַכען און פון דעם גליק. אָבער יעמאָלט וועט אונזער שקלאַווערייַ ווערען נאָך גרעסער...“

ס׳איז קלאָר: דער „בלאָהער פויגעל“ איז ניט דאָס גליק, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז נויטיג פאַר׳ן גליק, עפּעס אַזוינס, וואָס עפענט אויף אונזערע אויגען אויף די סודות פון דער נאַטור און אויך אויף דעם סוד פון גליק.

און כדי עס זאָל קיין ברעקעל ספק ניט בלייבען, אַז דער „בלאָהער פויגעל“ קאָן ניט זיין דער סימבאָל פון גליק, וועל איך

איך דערמאָהנען, אז אין „דער ממשלה פון דער צוקונפט“, וואו טילטיל זוכט צולעצט דעם „בלאָהען פויגעל“ צווישען די לאַזורענע קינדער, וואָס דאַרפען נאָך ערשט געבוירען ווערען און בערייכערען אויף דער וועלט דאָס מענשליכע לעבען, געפינט זיך אויך איינער, וואָס וועט ברענגען דעם מענשען דאָס לאַנג געזוכטע גליק. „אז איך וועל זיין אויף דער ערד“, זאָגט עס צו טילטיל'ן, „וועל איך דאַרפען ערפינדען דאָס, וואָס מאַכט דעם מענשען גליקליך“, און ער בויט שוין איצטער, אויף יענער וועלט, די גרויסע בלאָהע פליג־לען, וואָס זענען נויטיג דערצו. אויב דאָס גליק דאַרף ערשט ערפונדען ווערען פון דעם מענשען אויף דער וועלט, קאָן דאָס ניט זיין דער „בלאָהער פויגעל“, וועלכען דער מענש האָט ניט ערשט אויך אין דער ממשלה פון דער צוקונפט.

מיר דוכט, אז מיר האָבען שוין איבער גענוג מאַטעריאַל, כדי אויף זיכער צו בעשטימען, וואָס דער סימבאָל פון דעם „בלאָהען פויגעל“ בעטייט. דאָס איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער אַב־סאָלוטער אמת, וועלכען דער מענש זוכט שוין פון לאַנג אָן, פון דעם אָנהויב פון די צייטען, — יענער העכסטער פילאָזאָפישער גרונד־פּרינציפּ, וואָס זאָל אונז געבען דעם שליסעל צו אַלע סודות פון דעם וועלטליכען זיין און אויך צו די סודות פון דעם מענשליכען גליק, — דער אבסאָלוטער, אייביגער, אונפערענדערליכער אמת, וואָס איז אין דערזעלביגער צייט דאָס העכסטע גוט, דער העכסטער אידעאַל פאַר דעם מענשען.

אָט דעם אבסאָלוטען, אייביגען, אונפערענדערליכען אמת וועגען וועלט און מענש וויל די פעע אַרויסברענגען דורך די מענשען־קינדער מיט דער הילף פון דער מעכטיגער קמיע, דעם צויבער־דימענט: דעם קלאָרען איינזעהן אין דאָס געהיימע און פער־באָרגענע פון אַלע זאַכען.

אויב אונזער פּירוש איז דער ריכטיגער, — און מיר וועלען באַלד זעהן, אז ער לעגט זיך זעהר אויפ'ן שכל, — איז יעמאָלט אויך ניט שווער צו טרעפען, ווער די פעע איז: דאָס איז דער פילאָסאָפיש־מעטאַפיזישער געדאַנק, וועלכער קאָן זיך ניט צופריעדען שטעלען מיט דער ריינער עמפּירישער וויסענשאַפט, וואָס זעהט נאָר דעם דרויסען פון די ערשיינונגען, — דאָס איז

דער אָביעקטיווער, אָהן פּניות׳דיגער פּערטיעפען־זיך אין די אינ־ווענינגסטע נשמות פון אַלץ, וואָס עקזיסטירט, פּאַר וועמען די נשמה פון פעפער איז ניט מעהר מיוחס, איידער די נשמה פון צוקער. מיט אַ פיינער איראָניע אויף דאָס מעטאַפיזישע דענקען, — איי־גענטליך אַ זעלבסט־איראָניע, ווייל מעטערלינק מוז אַליין צוגערע־כענט ווערען צו די מעטאַפיזיקער, — מאָלט ער אונז אויס איינעם פון די וויכטיגיסטע שטריכען פון דער מעטאַפיזיק.

ווען די קינדער זענען מרוצה צו געהן זוכען דעם „בלאָהען פויגעל", ווייזט די פּעע אָן מיט׳ן פינגער אויפ׳ן באַלקען, דעם אויוועך און די פענסטער און פרעגט זיי: „ווי ווילט איהר ארויס־געהן: מיט דעם וועג, אָדער מיט דעם?" — טילטיל ווייזט אָן מיט אַ ביסעל מורא אויף דער טהיר. אָבער די פּעע ווערט אין כעס. „דאָס קאָן איך ניט צולאָזען", זאָגט זי. „וואָס פאַר אַ מדה מגונה צו געהן דורכ׳ן טהיר! מיר וועלען ארויסגעהן דורך דאַנען", בע־שליעסט זי, טייטלענדיג אויפ׳ן פענסטער.

נאָך אַ דאַנק דער פּעע דערפאַר! דאָס רוב מעטאַפיזיקער קאָנען זיך ניט בערוהיגען, ביז מען קריכט ניט דורכ׳ן קוימען...

דער „בלאָהער פויגעל", וואָס דער פילאָסאָפישער געדאַנק טרייבט אויסצוגעפינען איהם מיט דער הילף פון דער וויסענשאַפט־ליכער פאָרשונג, — דער נשמה פון ליכטיגקייט, — די נשמה פון ליכטיגקייט שטעלט זיך אין מעטערלינק׳ס ווערק אויף דעם צד פון דעם מענשען, — איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער אבסאָלוטער אמת, — דער לעצטער פּרינציפּ פון דעם זיין, וואָס האַלט פער־באָרגען אין זיך דאָס העכסטע גוט, צו וועלכען דער מענש זאָל שטרעבען. און די איינצעלנע ערטער, וואו די קינדער זוכען דעם „בלאָהען פויגעל", — דאָס לאַנד פון עראינערונגען, די ממשלה פון דער נאַכט, דער וואַלד און די ממשלה פון דער צוקונפט — זענען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי סימבאָלען פון יענע וויכטיגסטע אינסטאַנצען, צו וועלכע דער מענשליכער געדאַנק ווענדט זיך, ווען ער געהט ארויס זוכען דעם אבסאָלוטען אמת. איך וויל מיט זיכער־הייט ניט זאָגען, אז מעטערלינק האָט דאָס געהאַט אין זין; אז זיין מעשה׳לע וויל בעוואוסטערהייד סימבאָליזירען דעם גאַנג פון דער מענשליכער פילאָסאָפיע אין איהר קאַמפּף פאַר דעם אבסאָ־

לוטען אמת. סוף כל סוף, — ווער קאָן וויסען, וואָס א דיכטער, און נאָך אזא ניט קלאָרער, ווי מעטערלינק, האָט געוואָלט זאָגען? אָבער איינס איז קלאָר ווי דער טאָג, אז די שילדערונג פון די איינ־צעלנע סטאַנציעס טראָגט שאַרפע און בולט'ע סמנים, נאָך וועלכע מען קאָן דערקענען יענע אינסטאַנצען. זי איז געמאַכט געוואָרען אקוראַט אזוי, ווי ווען מעטערלינק וואָלט בעוואוסטערהייד געוואָלט סימבאָליזירען די געשיכטליכע שיקזאַלען פון דער מענשליכער אמת־זוכעניש.

דאָס וועט אונז ווערען אין גאַנצען קלאָר, ווען מיר וועלען איבערגעהן צו די איינצעלנע אינסטאַנצען.

לאָמיר אָנהויבען מיט דעם ל א נ ד פ ו ן ד ע ר ע ר א י־נ ע ר ו נ ג, — דאָרטען וואו עס לעבען די געשטאָרבענע. די פעע שיקט די קינדער אהינצו, ווייל „דאָס לאַנד פון דער עראינערונג ליעגט אויפ'ן וועג צו דעם בלאָהען פויגעל". „עס איז מעגליך, זאָגט זי אין אַ אנדער אָרט, אז דער „בלאָהער פויגעל" איז בע־האלטען אין דעם לאַנד פון עראינערונג, אין דעם לאַנד, וואו עס זענען איצטער דער זיידע און די באָבע פון די קינדער".

אין טילטיל'ס „לאַנד פון עראינערונג" שטעהט אונטער א געוועלב פון בלעטער, — א פרעהליך פויעריש הייזעל, בעדעקט מיט געשלענגעלטע פלאַנצען. טהיר און פענסטער זענען פער־מאַכט. עס זעהען זיך ביהנשטאָקען אונטער א דעכעל, בלומען־טעפ שטעהען אויף די פענסטער, א שטייגעל הענגט מיט א שלאָפענדען שטאַר. לעבען טהיר — א באַנק, אויף וועלכען עס זיצען אין טיעפען שלאָף אַן אלטער פויער און זיין ווייב: טילטיל'ס זיידע און באָבע.

אין דעם לאַנד פון עראינערונגען איז אַלץ געווען איינגע־זונקען אין א טיעפען שלאָף, ביז די קינדער זענען געקומען צום בעזוך. אָבער ווי נאָר זיי זענען געקומען, האָט אַלץ ווידער אָנ־געהויבען צו לעבען, פונקט אזוי ווי דאָס איז געווען אויף ד ע ר וועלט. דער אַלטער זיידע האָט נאָך אַלץ זיין רהומאַטיזם; די קאַץ, וועמען טילטיל האָט ביים לעבען אונטערגעשאָרען דעם עק, לויפט אום אזוי מיט דעם אָבגעשאָרענעם עק. די געשטאָרבענע ברידער און שוועסטער זענען ניט צוגעוואַקסען: די אינגסטע

קריכט נאָך אַלץ אום אויף אַלע פיער, און ביי איין שוועסטער איז אַפילו דאָס בלאָטערל אויפ׳ן נאָז געבליעבען, ווי אין דער לעצטער רגע פון איהר לעבען: עס קאָן שוין מעהר ניט אַראָבגעהן.

„דאָ בלייבט אַלץ, ווי עס איז געוועזן!" — דערקלעהרט מעשה רבי דער זיידע.

אָן וואָס פאַר אַ פּאַזיס אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען געדאַנק דערמאָהנט אָט דער גרונד־שטריך פון דעם „עראינערונג־לאַנד"? די פון אייך, וואָס זענען בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, איידער דער פילאָסאָפישער געדאַנק האָט זיך אריינגעמישט אין זיי, וועלען גאַנץ גרינג דער־מאָהנען זיך אָן דעם גריעכישען „האדעס", דער „ממשלה פון שאָ־טענס", און דעם אַלט־העברעאישען „שאול". ווי אין האדעס און אין דעם שאול, אזוי בלייבען די מענשען אויך אין מעטערלינקס „עראינערונג־לאַנד" אויף אייביג אין דעמזעלביגען צושטאַנד, אין וועלכען דער טויט האָט זיי געטראָפען. איז איינער פערוואונדעט געוואָרען, בלייבט ער אין „שאול" און אין „האדעס" מיט זיין וואונד. איז איינער מיט בלוט בעדעקט, געהט פון איהם דאָס בלוט ניט אַראָב, און ווען איינער שטאַרבט מיט פריעדען אין האַר־צען, ווערט זיין פריעדען שוין קיינמאָל ניט צושטערט; און האָט איינער אַ טיעפען קומער, ווערט ער שוין פון איהם קיין מאָל ניט בעפרייט. ווען בנימין׳ס ברידער בעטען ביי יעקב אָבינו ער זאָל מיט זיי אָבלאָזען בנימינ׳ען קיין מצרים, וויל ניט דער אַלטער פאָטער: ער האָט מורא, טאָמער טרעפט אַ סיבה אין וועג און יעמאַלט, זאָגט ער, „וועט איהר אין שאול אַראָבניעדערן מיין על־טער אין קומער". פאַר׳ן שטאַרבען זאָגט דוד אָן זיין זוהן שלמה׳ן, ווי אָבצורעכענען זיך מיט יואב בן־צוריה און שמעי בן גרא. אויף דעם ערשטען זאָגט ער: „זאָלסט זיין עלטער אין שאול ניט אַראָב־ניעדערן אין פריעדען" און אויפ׳ן צווייטען: „זאָלסט זיין עלטער אין שאול אַראָבניעדערן אין בלוט".

דאָס עראינערונג־לאַנד איז דעריבער יענע היידנישע פער־יאָדע, די פעריאָדע פון דער נ א ט ו ר ־רעליגיאָן, וואָס האָט גע־הערשט ביי דער ציוויליזירטער מענשהייט, ביז דאָס אידישע קרים־טענטהום האָט געמאַכט צו איהם אַ סוף.

מיר וועלען שפּעטער זעהן, ווי אַזוי מעטערלינק וויל ווידער־אויפלעבען דעם אונשטערבליכקייטס־גלויבען פון יענער צייט אין אַ מאָדערנער אויסטייטשונג. פריהער פאַר אַלץ מוזען מיר זיך אָבער פרעגען: וואָס טהוט זיך מיט דעם „בלאָהען פויגעל“ אין יענעם לאַנד?

דאָס עראינערונג־לאַנד — און דאָס איז דאָס מערקווירדיגסטע אין דער דערצעהלונג — האָט אַ „ב ל אָ ה ע ן פ ו י ג ע ל“.

ווי נאָר די קינדער האָבען דערמאָהנט אין זייער געשפּרעך דעם אַלטען שטאָר, אַזוי האָט זיך דער פויגעל אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף און ער האָט אָנגעהויבען הויך זינגען. אָבער אַ גרויסע ענדערונג איז מיט איהם פאָרגעקומען: ער איז אין גאַנצען גע־וואָרען בלאָה. „יע, ער איז אַ בלאָהער“, בעמערקט טילטיל, „הייסט עס, אַט דאָס איז ער, דער בלאָהער פויגעל, וואָס איך מוז געפינען פאַר דער פעע... און איהר האָט מיר גאָר געזאָגט, אַז ער איז ביי אייך... אָה, ער איז בלאָה, בלאָה, בלאָה, ווי אַ בלאָה, גלעזערן קייקעלע“.

טילטיל בעט זיך, מען זאָל איהם אַוועקגעבען דעם שטאָר. די עלטער־עלטערן גיבען איהם נאָך. אָבער בעת ער טראָגט איהם אַרויס צוריק אויף דער ווירקליכער וועלט, דערזעהט מילטיל, אַז דער פויגעל איז שוין ניט מעהר בלאָה; ער איז געוואָרען שוואַרץ...

דער סימבאָלישער געדאַנק, וואָס ליעגט אין דער פערוואַנדלונג פון דעם בלאָהען פויגעל פון אונזערע עלטער־עלטערן ווידער אין שוואַרץ, איז ניט קיין נייער. איך האָב שוין ניט איין מאָל געהאַט די געלעגענהייט צו פערטהיידיגען איהם סיי אין מיינע פאָרלע־זונגען, סיי אין מיינע שריפטען. אָבער איהר וועט מיר ערלויבען אָבצושטעלען זיך אויף איהם, ווייל ער דריקט אויס אַ גרויסען אמת און גיט אונז דעם ריכטיגען בליק, ווי מיר זאָלען קוקען אויף די גלויבונגען און מיינונגען פון אונזערע טאַטעס און זיידעס.

עס איז שוין איצטער גאָר ניט קיין נייעס פאַר אַ סך אמת געבילדעטע און אויפגעקלעהרטע דער געדאַנק, אַז יעדע צייט בויט איבער דעם אמת, וואָס זי בעקומט בירושה פון דעם עבר. זי בויט איהם איבער אָפטמאָל אַזוי, אַז פון איהם ווערט גאָר אַ נייע זאַך, וואָס געהט אין גאַנצען להיפּך צו דעם הייליגסטען גלויבען

פון אַ מאָל. אין דעם ליכטיגען שיין פון דעם נייעם אמת פון דער נייער צייט מוז די אַלטע וועלט־אנשויאונג אויסזעהן ווי אַ וועלט פון באָבע־מעשות און וויסטע פאַנטאַזיעס, בעשאַפען אפשר פון פּראָים אָדער שאַרלאַטאַנעס, וואָס האָבען געפיהרט פאַר'ן נאָז דאָס גאַנצע פאָלק, דעם גרויסען בלינדען פּרא־אָדם.

אָבער אויב דאָס איז אמת פאַר יעדער צייט אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען גדאַנק, — און ביז אַהער איז דאָס געווען אבסאָלוט אמת, — היינט, וואו איז די גאַראַנטיע, אַז די קינפטיגע דורות וועלען זיך ניט בעגעהן מיט אונזערע הייליגטהימער אַקוראַט אַזוי, ווי מיר בעגעהען זיך מיט די הייליגטהימער פון אונזערע עלטערן און אור־עלטערן? אונזערע עלטערן האָבען געגלויבט אין זייערע אַנשויאונגען, ווי אין דעם לעצטען, ריינסטען אמת, צו וועל־בען עס קאָן דערגרייכען דער העכסטער מענשליכער שכל. און פון דעסטוועגען זענען זיי פאַר אונז ניט מעהר ווי אַ שפּינוועבס פון שקרים און דמיונות. היינט ווער קאַווירט אונז, אַז אונזער וויסען און גלויבען וועט ניט אויסזעהן אין די אויגען פון אונזערע קינדער אויך ווי אַ שפּינוועבס פון שקרים און דמיונות? און אויב מיר קוקען אויף אונזערע עלטערן אין בעסטען פאַל ווי אויף עהרליכע פראָים און וויסטע פאַנטאַזיאָרען, היינט ווער וועט פערוועהרען אונזערע קינדער, זיי זאָלען זעהן אין אונז דיזעלביגע עהרליכע פראָים און וויסטע פאַנטאַזיאָרען?

קיינער קאָן אונז ניט קאַווירען, אַז עס וועט ניט זיין אַזוי. קיין אמת פון קיין דור קאָן ניט און וועט ניט אַרויסנעהמען קיין פּאַטענט אויף אונשטערבליכקייט. איז אויב מיר וועלען קוקען אויף אונזערע עלטערן, ווי אויף פּראָים, און אויב אונזערע קינדער וועלען קוקען אַזוי אויף אונז, און אויב פאַר אונזערע אייניקלעך וועלען מחמת דעם זעלבינען טעם אונזערע קינדער זיין די וויסטע פאַנטאַזיאָרען און נאַאיווע שוטים, — וועט דאָך סוף כל סוף אויס־קומען, אַז די גאַנצע געשיכטע פון דעם מענשליכען גדאַנק איז בעשאַפען געוואָרען און ווערט בעשאַפען פון נאַראָנים און האַלב־משוגע'נע, און אַליץ וואָס דער מענשליכער גדאַנק האָט אַרויסגע־בראַכט, איז ניט מעהר ווי אַ הויפען פון ווילדע נאַרישקייטען.

און פון דעסטוועגען האָט די נאַרישע מענשהייט, — אַזוי

בינו לבינו, — אויפגעבויט נאָר אַ קליינינקייט: די גאַנצע מענש־ליכע קולטור, מיט איהרע טעמפּלען פאַר קונסט, וויסענשאַפט, פילאָסאָפיע און רעליגיאָן, מיט איהר אַלץ וואַקסענדער מאַכט איבער די בלינדע כחות פון דער טבע, מיט דעם אַלץ־טיעפערען יושר אין דעם בעגעהן זיך פון מענש צו מענש.

אַ־מעהר, לאָמיר אַ דרעה טהאָן דעם ענין צוריק. לאָמיר זאָגען, אַז אמת איז ערגעץ ניטאָ דרויסען פון דעם מענשליכען שכל, אָדער אַז פאַר דעם מענשען איז נאָר דאָס אמת, וואָס ער קאָן מיט זיין שכל אַרויסברענגען. און אַרויסברענגען מוז ער צו פער־שיידענע צייטען פערשיידענע אמת'ען, — ווייל אמת פאַר איהם איז נאָר דאָס, אין וואָס ער מוז גלויבען, לויט די אומשטענדען, צווישען וועלכע ער לעבט. די אמת'ען, אין וועלכע דער מענש גלויבט, זענען ווי לעבעדיגע ברואים, וואָס ווערען געבוירען, וואַק־סען אויס, עלטערן זיך און שטאַרבען אָב. ניט „פראַיעם בעשאַפען וויסטע פאַנטאַזיעס“ איז דער תוך פון דער מענשליכער געשיכטע, נאָר „מענשען בעשאַפען אין יעדער צייט זייערע הייליגע אמת'ען“. — דאָס איז דער אמת וועגען דער ענטוויקעלונג פון דעם מענשליכען גייסט.

יעדערער דור האָט זיך דעריבער זיין „בלאָהען פויגעל“. ווען מיר טראַכטען זיך אַריין אין די אומשטענדען פון דעם דור און דעם צושטאַנד פון דעם מענשליכען שכל אין יענער צייט און שטודירען די אַנשויאונגען, וואָס דוכטען זיך אונז אויס, ווי ווילדע באָבע־מעשות, ווערען מיר פער'חדוש'ט, וויפיעל שכל מיר ענטדעקען אין זיי, וויפיעל טיעפע און מענשליכע בענקשאַפט נאָך אמת, יושר און חן עס ליעגט אין זיי פערבאָרגען. אונז ווערט קלאָר, אַז אין די „ווילדע באָבע מעשות“ ליעגט דער ריינער אמת פון יענעם דור און מיר שרייען אויס ענטציקט: ער איז בלאָה, בלאָה, בלאָה, און זיין פאַרב איז עכט און ריין.

אָבער אויב מיר מיינען, אַז מיר קאָנען דעם גלויבען פון דעם עבר זיך אַזוי פשוט אַרויסטראָגען אויף די ליכטיגע זון פון דער איצטיגער צייט און זיין פאַרב וועט דערביי בלייבען די אייגענע, וואָס אַ מאָל, מאַכען מיר אַ גרויסען טעות. דער „בלאָהער פויגעל“ פון אַ מאָל איז שוין געשטאָרבען; ער איז בלאָה נאָר אין דעם „לאַנד

פון עראינערונג“, — אין דער אונפּאַרטייאישער געשיכטליכער פאַרשונג — פאַר דער געגענוואַרט ווערט ער ווידער שוואַרץ.

א ביישפּיעל פון אונזערע טעג וועט אייך נאָך קלאָרער מאַכען דעם ענין. עס איז אין דער לעצטער צייט אין דער אידישער ליטעראַטור ווידער אויפגעוואַכט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם ווערטה פון דער חסידות און קבלה, — יענעם הייליגען, גרויסען, טיעפען אמת, מיט וועלכען עס האָבען געלעבט די נשמות פון אונזערע טאַטעס און זיידעס.

עס זענען דאָ ניט ווענינ מענשען, וואָס וואַלטען וועלען, ווי צ. ב. הערר הלל צייטלין, אז דער גלויבען פון אַמאָל זאָל אויך דערוואַרימען אונזערע הערצער. אין וואָס בעשטעהט הערר צייטלין׳ס פעהלער? — אין דעם, וואָס ער מיינט, אז אויב דער פויגעל איז געווען אין גאַנצען בלאָה א מאָל, מוז ער בלייבען בלאָה אויף אייביג. ער בעמערקט ניט, אז ווי נאָר ער טראָגט איהם ארוים מחוץ דעם לאַנד פון דער עראינערונג, אזוי ווערט ער תיכף אין גאַנצען שוואַרץ.

עס זענען אָבער נאָך דאָ צווישען אונז מענשען, צו וועלכע עס געהערט, צ. ב., הערר ב. פייגענבוים, דער עהרליכער, טאַלאַנטפּולער „טאַמבור־מאַזשאָר“ פון דער אַלטער אַפּיקורסישער גוואַרדיע, וואָס קאָנען עד היום ניט פערשטעהן, ווי אזוי מען קאָן זאָגען א גוט וואָרט פאַר דער חסידות און קבלה אפילו ווען מען מיינט נאָר יענע צייט, אין וועלכער זיי זענען געווען דער אינוועניגסטער אמת פון דער אידישער נשמה. פאַר איהם זענען חסידות און קבלה געווען אין אַלע צייטען א ווילדע נאַרישקייט. אין וואָס בעשטעהט זיין פעהלער? — ער זעהט, אז איצטער איז דער פויגעל שוואַרץ און קאָן זיך נאָר ניט פאָרשטעלען, אז א מאָל האָט ער געמוזט זיין אַקוראַט אזוי בלאָה־בלאָה, ווי דער בלאָהסטער פון אַלע זיינע אַפּיקורסישע אמת׳ען. דערפאַר קאָן ער זיך אויך ניט פאָרשטעלען, אז דער „בלאָהער פויגעל“ פון ז י י ן צייט זאָל קאָנען אויסקוקען שוואַרץ אין אונזערע אויגען.

דעם ריכטיגען בליק אויף דער זאַך גיט אונז דאָ מעטערלינק. שטייענען מיר אַראָב אין דאָס לאַנד פון עראינערונג, דאַרפען מיר ניט שלעפּען אונזער אמת אהין. וואָס מעהר מיר לעבען זיך אריין אין דער אַלטער צייט, אַלץ מעהר לעבט אָב דאָ פאַר אונזער גייס־

טיגען אויג אויף איהר אַלטער אמת און מיר בעוואונדערען זיין שעהנקייט אין דער פערגאַנגענהייט. מיר טאָרען אָבער ניט מאַכען טילטיל׳ס קינדערשען פעהלער: מיר זאָלען דעם „בלאָהען פויגעל“ פון א מאָל ניט אַריינטראָגען אין אונזער לעבען, — פאַר אונז איז ער שוין געוואָרען — שוואַרץ.

דאָס „לאַנד פון דער עראינערונג“ איז דעריבער ניט נאָר א סימבאָל פון דעם היידענטהום און דער נאַטור־רעליגיאָן, מיט וועל־כער עס הויבט זיך אָן דאָס ערנסטע מענשליכע דענקען; עס שטעלט מיט זיך פאָר דעם גאַנצען גייסטיגען עבר פון דער מענשהייט, אויף וויפיעל מען קאָן זיך רעכענען מיט איהם פאַר דעם אמת, אין וועלכען מיר נויטיגען זיך היינט. אויף היינט לויפען מיר קודם כל צו דער געשיכטע פון דעם מענשליכען געדאַנק, ווען עס הויבען אונז אָן צו פּלאָגען די אייביגע פראַגען. אָבער די „אבסאָלוטע אמת׳ען“ פון די אַלטע דורות פערליערען באַלד אין אונזערע אויגען זייער בלאָהע הימעל־פאַרב. אונזער אמת מוזען מיר זוכען נאָך ערגעץ וואו אנדערש, איידער אין דעם לאַנד פון דער עראינערונג.

אָבער איידער מיר וועלען זיך מיט איהם אָבזעגענען, דאַרף מען נאָך זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען יענעם אונשטערבליכקייטס־געדאַנק, וועלכען מעטערלינק געפינט אויס אין דעם לאַנד פון דער עראינערונג. דער געדאַנק קאָן אויסגעדריקט ווערען אין א פּאָאָר ווערטער. ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער אונשטערבליכקייט פאַר דעם מענשען סיידען די, וואָס אין דעם זכרון פון די לעבעדיגע מענשען. און נאָר דער איז באמת אונשטערבליך, ווער עס האָט אַריינגע־פלאָכטען זיין נאָמען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. דער געדאַנק אַליין, אויב איך האָב ניט קיין טעות, שטאַמט פון אַגיוסט קאָנט און איז שוין אָפטמאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרען זינט קאָנט׳ס צייטען. אויף וויפיעל ער קאָן אין גאַנצען אויסאיינען דעם מענ־שען מיט׳ן טויט און פערענטפערן פאַר איהם די גרויסע שאלה, ווייס איך ניט. לאָ׳ם איך אייך זאָגען: דעם גאַנצען אמת גערעדט, האַלט איך עד היום, אז דער טויט איז א סקאַנדאַל גדול ונורא, וואָס קאָן מיט קיין זאַך ניט פערענטפערט ווערן און מיט קיין זאַך ניט בעפּוצט ווערען, אַפילו ניט מיט די שעהנע בלומען פון מעטער־

לינק'ס פּאָעטישען בית־עולם. אָבער אַ שטיקעל טרייסט ליעגט אפשר אין יענעם געדאַנק.

אין דער אמת'ען! דער סקאַנדאַל פון דעם טויט בעשטעהט ניט נאָר אין דעם, וואָס „איך“ מוז שטאַרבען, נאָר אפשר נאָך מעהר אין דעם, וואָס די אַנדערע, די וואָס זענען אונז ליעב און טהייער, מוזען אַוועקגעהן פון דער וועלט. מילא, מיט מיר ווי מיט מיר; איך קאָן מיך נאָך אפשר טרייסטען מיט דעם אַלטען ווערטעל פון עפּיקור, אַז „איך קאָן ניט שטאַרבען, ווייל כל זמן „איך“ בין דאָ, איז דער טויט ניטאָ, און ווי נאָר עס קומט דער טויט, — ערשט איך בין שוין ניטאָ“. ווען מען טראַכט וועגען עפּיקור'ס געדאַנק, קאָן מען פיהלען אַ זיסע נקמה אָן דעם טויט. שטעלט אייך פאָר דעם משונה אויסגעצויגענעם נאָז פון דעם טויט, בעת אָט־אָט וויל ער מיך כאַפּען, ערשט „איך“ בין שוין גאָר ניטאָ; אָבער אַלע מאָל — לאָם איך אייך זאָגען דעם אמת — קאָן איך דערביי ניט פערשטיקען די גרויסע שאלה: ווער בלייבט באמת מיט דער אויס־געצויגענער נאָז: איך אָדער דער טויט? אָבער, ווי די מעשה איז, עפּיקור'ס פיינע המצאה קאָן אונז ניט געבען קיין סמן פון טרייסט, ווען מיר טראַכטען וועגען דעם טויט פון אונזערע ליעבע. און דאָ קומט יענער קאַנטישער אונשטערבליכקייטס־געדאַנק און פרעגט אונז: ווער זאָגט אייך, אַז זיי זענען טויט? און וואָס האָט איהר פערלאָרען מיט זייער טויט?

לאָמיר אין דער אמת'ען אַ ביסעל אַ טראַכט טהאָן וועגען דעם. נעהמט די שעהנסטע מענשליכע פיגור, וואָס איז אייך אַם טהייער־סטען. איך וועל נעהמען דעם מענשען, וואָס איז מיר טהייערער פאַר אַלע, וועלכע האָבען געלעבט ביז אַהער: ישעיהו הנביא. פאַר וואָס זאָל דער טויט פון ישעיהו הנביא אַזוי בעטריעבען מיין הארץ? שטעלט אייך פאָר, אַז איך דערוויים מיך גאָר אין ערנסט, אַז ישעיהו הנביא איז קיין מאָל ניט געשטאָרבען, נאָר זיין גייסט איז אויף אייביג פערדונקעלט געוואָרען און ער לעבט איצטער אין ניו יאָרק, — אַ מיטאַרבייטער אין אַ געוויסער טעגליכער אידישער צייטונג. עס פערשטעהט זיך, אַז ניט נאָר איז אין איהם ניטאָ קיין שפּור פון דעם אַלטען ישעיה; ער ווייס אפילו ניט, אַז ער איז אַ מאָל געווען אַ נביא און וואָס אַזוינס ער האָט געפּרעדיגט אין

זיין צושטאַנד פון נביאות. וואָלט מיך אזא לייבליכע אונשטערב־ליכקייט ישעיה׳ס צופריעדען געשטעלט? געוויס ניט! איך וואָלט געקוקט אויף די לעבעדיגע שאַלעכץ פון דעם אַלטען גייסט און וואָלט מיר געזאָגט: פאר אַ ישעיה הנביא איז, איידער אזא לעבען, שוין טויזענד מאָל בעסער דער טויט. מיך פערדריסט, וואָס ישעיה הנבא איז ניטאָ, ניט דערפאַר, וואָס זיין קערפּער איז פערשוואונ־דען, — זיין קערפּער איז מיר קיינמאָל ניט געוועזען טהייער, — נאָר ווייל זיין גייסט האָט אויפגעהערט צו שאַפען, ווייל די נבואה זיינע איז פערשטומט געוואָרען. אָבער דאָך מאַך איך טאַקע אַ געוואַלדיגען טעות. זיין נבואה איז נ י ט פערשטומט געוואָרען. זי קלינגט נאָך אזוי פריש און לעבעדיג, אַקוראַט ווי אין דעם טאָג, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל אויסגעגאָסען זיין הארץ פאר דער מענשהייט. וועט איהר זאָגען: דערפאַר בעשאַפט ער אָבער ניט קיין נייע נביאות! אָבער — ווער זאָגט דאָס? האָט זיך דען ישעיה׳ס גייסט ניט ווייטער ענטוויקעלט? איז ניט פון זיין „איש תחת גפנו ואיש תחת תאינתו“, — יעדערער אונטער זיין וויינ־גאָרטען און אונטער זיין פייגענבוים, — אויסגעוואַקסען דער גראַנדיעזער קאָמוניזם פון די איסיים? וואָס איז מיר און דער גאַנצער מענשהייט די נפקא מיניה, צי ישעיה אַליין האָט געמאַכט יענעם געוואַלטיגען שריט, אָדער דאָס האָבען געטהאָן זיינע תלמידים, די וואָס האָבען געלעבט און געשאַפען אונטער דער השפעה פון זיין גייסט? ישעיה׳ס גייסט לעבט, ווירקט און ענט־וויקעלט זיך: וועלכע סמנים פון אונשטערבליכקייט דאַרפט איהר נאָך? ער לעבט אייביג „אין דעם לאַנד פון דער עראינערונג“, אין דעם דאַנקרייכען מענשליכען זכרון פון דורות און דורות. די מענשהייט געדענקט איהרע העלדען ווי אין דעם לעצטען מאָמענט פון זייער זיין, און אין דער עראינערונג זענען זיי נאָך שעהנער, איידער ביים לעבען.

„ט י ל ט י ל: דו האָסט זיך ניט געענדערט, זיידעניו! קיין ברעקעל ניט, קיין ברעקעל ניט... און די באָבעניו האָט זיך אויך אַ סמן ניט געענדערט... איהר זעהט גאָר אויס שעהנער...

ד ע ר ז י י ד ע: געוויס! מיר פיהלען זיך ניט שלעכט... מיר האָבען אויפגעהערט זיך צו עלטערן.“

זיי שלאָפען, די אונז ליעבע, כל זמן מיר טראַכטען ניט וועגען זיי, און ווערען וויעדער לעבעדיג, ווי נאָר זייער בילד וואַכט אויף פאַר אונזער גייסטיג אויג, און אז טילטיל דערמאָהנט דאָרטען דאָס וואָרט „טויט“, פערשטעהען זיי ניט, וואָס דאָס בעטייט. „ווי נאַריש זיי זענען דאָרטען אונטען“, זאָגען זיי אויף אונז, וואָס גלויבען אין דעם אמת'ען, ניט אויף־צו־פליישענדיגען טויט... די אונשטערבליכקייט אין דעם זכרון פון דער מענשהייט איז פאַר א סך מאָדערנע מענשען אַן אמת'ער טרייסט, ווייל — אויב מען קאָן ניט האָבען וואָס מען וויל, מוז מען וועלען וואָס מען האָט. אָבער „איז דען דאָס אַן ענטפער?“ — פרעגט וויעדער דער אַלטער מקשן היינע און אַן עכאָ פון טויזענד דורות ענטפערט איהם: תיקו. אויף אידיש ווערט דאָס געזונגען: „עס בלייבט דאָך פאָרט די אַלטע קשיא!“...

אָבער לאָמיר לאָזען די אַלטע קשיא, וועלכע די וועלט פרעגט און פרעגט און וועט ניט אויפהערען צו פרעגען. לאָמיר זיך אומ־קעהרען צו אונזער „בלאָהען פויגעל“.

אויב „דאָס לאַנד פון דער עראינערונג“ איז דער סימבאָל פון דער אַלטער היידנישער וועלט און דער געשיכטע פון דעם גייסטיגען עבר, איז דער צווייטער אָרט, וואו טילטיל זוכט דעם אבסאָלוטען אמת, „די ממשלה פון דער נאַכט“, — דער סימבאָל פון דעם קריסטליכען גלויביגען מיטעלאַלטער און דער רעליגיאָן איבערהויפט, אויף וויפיעל זי הערשט נאָך איצטער אין אונזער גייסטיגען לעבען. די רעליגיאָן איז די צווייטע אינסטאַנץ, וואו מיר זוכען דעם אבסאָלוטען אמת.

אין דעם פּאַלאַץ פון דער „נאַכט“ זענען דאָ אַלערליי חדרים, פול מיט שרעקען און פיינדליכע מעכטען. אין איין חדר זענען פערשלאָסען די געשפּענסטער, די שדים און רוחות, אין דעם אַנ־דערען די פערשיידענע מינים קרענק און אַנשיקענישען, אין דעם דריטען דער קריעג. נאָך אין איינעם — אַזעלכע שרעקען, פאַר וועלכע דער מענש האָט נאָך גאָר קיין נאָמען ניט, וואָס פערשטויי־נערן איינעם, ווי נאָר מען טהוט א בליק אויף זיי. פאַרהאַן אָבער אויף א חדר, אין וועלכען עס איז איינגעשלאָסען דער אונענדליכער הימעל מיט זיין גאַנצער פּראַכט. ווי איהר זעהט: דער גן־עדן און

דער גהינם געפינען זיך דאָרטען. די אַלע סטיכישע קרעפטען, — נאַטירליכע, ווי די פערשיידענע חלאת'ן, און די סאָציאַלע, — ווי דער קריעג, — שטעהען אונטער דער ממשלה פון דער קעניגין נאַכט, — דעם רעליגיעזען גלויבען, וואָס איז אין מיטעלאַלטער געווען די איינציגע אָרגאַניזירטע מאַכט, וואָס האָט געוועלטיגט אין דער גייסטיגער אַטמאָספערע, איינגעשלאָסען די שרעקען און אוועקגעשטעלט אונטער אַ קאָנטראָל, אָבער אויך אַרויסגעלאָזען זיי אויף דער וועלט, ווען דאָס איז געווען נויטיג אין די אינטערעסען פון דער הערשענדער רעליגיע.

אַז „די ממשלה פון דער נאַכט“ איז דער רעליגיעזער גלויבען און די גייסטיגע אַטמאָספערע, וואָס ווערט אַרויסגענומען פון איהם, געהט אַרויס קלאָר און שאַרף פון דעם דיאַלאָג צווישען דער נאַכט און דער קאַץ, וואָס איז געקומען אָנזאָגען איהר, אַז טילטיל קלייבט זיך אַרויסצורייסען פון איהר מאַכט דעם „בלאָהען פויגעל“.

„ד י ק א ץ: ...די נשמה פון ליכטיגקייט, וואָס פיהרט איהם (טילטיל'ן), גיט אונז אַלעמען אַרויס. זי האָט זיך אין גאַנצען אוועקגעשטעלט אויף דער זייט פון דעם מענשען. זי האָט זיך דערוואוסט, אַז דער „בלאָהער פויגעל“, דער אמת'ער, דער איינציגער, וואָס קאָן פערטראָגען דעם שיין פון טאָג, בעהאַלט זיך דאָ, וואו עס וואוינען די „בלאָהע פויגעל“ פון חלומות, וועלכע לעבען פון לבנה־שטראַהלען און שטאַרבען, ווי נאָר זיי דערזעהען דעם ליכטיגען שיין. די נשמה פון ליכטיגקייט וויים, אַז עס איז איהר פערווערט אַריבערצוטרעטען דעם שוועל פון אייער פּאַלאַץ און דערפאַר שיקט זי אַהער די קינדער. איהר אָבער קאָנט דאָך ניט פערמאַכען פאַר'ן מענשען די טהירען פון אייערע סודות, — איז וויים איך ניט, וואָס עס וועט זיין דער סוף דערפון... זאָל חלילה טרעפען דער אומגליק און זיי וועלען בעקומען אין זייער מאַכט דעם אמת'ען „בלאָהען פויגעל“, איז יעמאָלט — אויס מיט אונז! מיר וועלען מוזען אויף אייביג פערשווינדען.

ד י נ א כ ט: גאָט, מיין גאָט!... אין וואָס פאַר אַ צייטען מיר לעבען!... אַ מינוט לאָזט מען ניט צורוה... אין די לעצטע יאָהרען האָב איך פּשוט אויפגעהערט צו פערשטעהן דעם מענשען. וואוהין ציהט איהם? נישיים וויל ער וויסען אַלץ? ער האָט שוין

אין זיין מאַכט אַ דריטעל פון מיינע סודות; אַלע מיינע אַנשרעק־קעגישען זענען פול מיט פחד, האָבען מורא דאָס הויז צו פערלאָזען, מיינע רוחות און דיבוקים זענען זיך צולאָפען, און דער גרעסטער טהייל פון מיינע חלאת׳ען פיהלט זיך גאָר ניט פויגעלדיג.

ד י ק א ץ: יע, אמת, שווערע צייטען. נאָר איך און דו קעמפפען נאָך אַנטקעגען דעם מענשען“.

ווען טילטיל קומט אין די ממשלה פון דער נאַכט, מוז די נאַכט איהם אַרויסגעבען אַלע שליסלען און ער זוכט דורך אַלע איהרע חדרים. פון איין חדר, וואו עס זענען איינגעשלאָסען די שדים און רוחות, רייסען זיך אַרוים אַ פּאָר פון דער חברה, און מען פער־טרייבט זיי צוריק. „זיי איז אומעטיג“, בעמערקט די נאַכט, „זינט דער מענש האָט אויפגעהערט מורא צו האָבען פאַר זיי“. ביי דעם חדר פון די קראַנקהייטען בערוהיגט זי טילטיל׳ן, אַז פאַר זיי איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך: „זיי זענען נעבעך געוואָרען רוהיג, די אָרימע בעשעפענישען... ניט גוט איז זיי. פון אַ צייט אָן לאָזט זיי דער מענש ניט אָן אָטהעם־טהאָן פריי. רק ער פיהרט מלחמה מיט זיי. דער עיקר, די מיקראָבען; ווי נאָר מען האָט זיי אויסגעפונען, איז גאָר אַ צרה“.

די „נאַכט“ האָט אַ מאָל געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג אין דעם לעבען פון דער מענשהייט. די רעליגיאָן איז געווען דער איינ־ציגער מיטעל אַנטקעגען אַלע פיינדליכע מעכטען. אין איהרע חדרים, דערצעהלט זי טילטיל׳ן, זענען איינגעשלאָסען אַלע מענשליכע פּלאָגען, אַלע אָנשיקענישען, אַלע מגפות, צרות, קאַטאַסטראָפען, אַלע געהיימניספולע שרעקען, וואָס האָבען פערפינסטערט דאָס לעבען פון דעם אָנהויב פון די צייטען. „געגנוג כחות האָט מיך געקאָסט, ביז איך האָב זיי אַלעמען אַריינגעשפּאַרט אַהער מיט דער הילף פון דעם שיקזאַל“. און עס פערדריסט איהר, דער נאַכט, וואָס איצטער לערענט זיך דער מענש אין גאַנצען אויסצוקומען אָהן איהר הילף.

אַלע חדרים האָט טילטיל דורכגעזוכט. אויף דעם, וואו עס ליגען די אַלט־געוואָרענע שטערן, דער נאַכט־טוי און די נאַכטיגאַל־קלאַנגען, — ערגעץ־וואו ניטאָ דער „בלאָהער פויגעל“. עס איז געבליעבען נאָר איין חדר, אָבער די נאַכט וויל מיט אַלע כחות ניט

דערלאָזען, טילטיל זאָל אריינבליקען אהין. זי פרובט איהם אָנ־שרעקען מיט דער סכנה, וואָס אויף איהם וואַרט דאָרטען.

„ד י נ א כ ט (מוטערליך): הער מיך אוים, מיין קינד. איך בין געווען גוט צו דיר, איך האָב דיר געטהאָן אלע, וואָס דו האָסט געוואָלט, דאָס וואָס איך וואָלט פאַר אַן אנדערן קיינמאָל ניט געטהאָן. איך האָב דיר געעפענט אלע מיינע סודות... דו ביסט מיר ליעב געוואָרען... אַ רחמנות אויף דיין יוגענד און דיין אונ־שולד... איך רעד צו דיר איצטער, ווי אַ מאַמע. פאָלג מיך, גלויב מיר, מיין קינד, פרוב ניט דעם מזל — עפען ניט די טהיר!

ט י ל ט י ל (אַ ביסעל שוואַנקענד): אָבער, אייגענטליך, פאַר וואָס?

ד י נ א כ ט: ווייל איך וויל ניט, דו זאָלסט גע'נידק'ט ווערען. ווייל קיין איינציגער פון די — דו הערסט? — קיין איינ־ציגער פון די, וואָס האָבען געעפענט די טהיר אפילו נאָר אויף אזוי פיעל ווי אַ האָאָר איז ברייט, האָט זיך ניט צוריקגעקעהרט צום לעבען און צו דעם שיין פון דער זון. ווייל יעדע שרעקליכע זאַך, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען, אלע שוידערליכקייטען און טויט־שרעקענישען, וועגען וועלכע מען רעדט אויף דער ערד, זענען אַ גאָר נישט לגבי דעם קלענסטען פחד, וואָס וואַרט אויפ'ן מענשען, ווי נאָר זיין בליק דערנעהנטערט זיך צו דעם ברעג פון יענעם אָב־גרונד, וועלכען קיינער האָט ניט דעם קוראזש אָנצורופען מיט אַ נאָמען."

אויף אלע, וואָס געהען מיט טילטיל'ן, פאַלט אָן אַן אימה ביי די רייד פון דער נאַכט, און אלע בעטען זיך ביי איהם, ער זאָל ניט עפענען די געהיימניספולע טהיר. נאָר טילטיל און טיללאָ, זיין הונד, פערליערען ניט דעם מוטה — און די שרעקליכע טהיר ווערט געעפענט. אָבער אָנשטאָט די אלע אויסגעטראַכטע שרע־קענישען פון דער מוטער נאַכט, עפענט זיך פאַר'ן אויג דער רע־ליגיעזער גן־עדן אין זיין גאַנצען הימלישען צויבער:

„אַן אונענדליכער, אונאויסדריקליך שעהנער צויבער־גאָרטען פון טרוימען און נאַכטליכען שיין. צווישען שטערען און פלאַנעטען פליהען ארום צויבערליכע בלאָהע פויגעל פון איין עדעלשטיין אויף דעם אנדערן, פון איין לבנה־שטראַהל אויף דעם אנדערן, בעלייכ־

טענדיג אַלץ וואָס זיי בעריהרען. זיי שוועבען הארמאָניש און אָהן אַן אויפהער ביז צו די ווייטעסטע ברעגען פון דעם האָריזאָנט. עס איז אַ שלל פון בלאָהע פויגלען, און עס דוכט זיך, פונקט ווי זיי וואָלטען געוועזן דער אָטהעם, די הימעל־בלאָהע אַטמאָספערע און דאָס לעבען גופא פון דעם צויבערליכען גאָרטען.״

ט י ל ט י ל שטעהט פערבלענדט, פערוווירט, אין דעם שיין וואָס בעלייכט דעם גאָרטען און שרייט:

„דאָס איז דאָך דער הימעל!... קומט אהער! אָט זענען זיי... זיי זענען דאָ... זיי זענען דאָ... זיי זענען דאָ! ענדליך האָבען מיר זיי... טויזענטער בלאָהע פויגעל, מיליאָנען... מיליארדען! שוין מעהר, איידער מען דאַרף...״ „מען קען זיי נעהמען מיט הוילע הענט״... „זעהט, זעהט: זיי עסען שטראַהלען, לבנה־שטראַהלען.„

טילטיל, מיטיל און דער הונד טילאָ פאַנגען אַזוי פיעל פויגעל, וויפיעל זיי קאָנען נאָר פערטראָגען, און געהען אַרויס גליקליכע פונ׳ם גן־עדן.

געבליבען אַליין, געהען די נאַכט און די קאַץ און קוקען אריין מיט אנגסט אינ׳ם גאָרטען.

„ד י נ אַ כ ט: איהם אָבער האָבען זיי ניט געכאַפּט.

„ד י ק אַ ץ: ניין, ער איז דאָרטען, אויף דעם שטראַהל פון דער לבנה. זיי האָבען איהם ניט געקאָנט דערלאַנגען: ער איז געזעסען צו הויך.״

נו — און דער שלל בלאָהע פויגעל, וואָס די קינדער האָבען אַרויסגעטראָגען פון גאָרטען? — וואָס איז געוואָרען פון זיי? אַך! ווי נאָר מען האָט זיי אַרויסגעטראָגען דרויסען, זענען זיי געפאַלען טויטע.

דער סימבאָל פון דער סצענע איז צו קלאָר, איך זאָל איהם דאַרפען אויסטייטשען באריכות. די רעליגיע האָט אין זיך אַ סך „אַ ב ס אָ ל י ו ט ע אמת׳ן״: דער ים־סוף האָט זיך געשפּאָלטען, ווען די אידען זענען געגאַנגען פון מצרים — אַן אַבסאָליוטער אמת פאַר דעם גלויביגען אידען; די לבנה האָט זיך צובראָכען אויף צווייען און איז געגאַנגען הקפות אַרום דעם הייליגען קאַאַבאַ — אַן אַבסאָליוטער אמת פאַר דעם גלויביגען מאַהאָמעדאַנער. מיט תפילות און תעניתים קאָן מען איבערבעטען דעם צוצאָרנטען גאָט — אַן

אבסאָליוטער אמת פאַר אַלע גלויביגע קאָנפעסיאָנען. און נאָך טויזענדער און טויזענדער אַנדערע „בלאָהע פויגעל“, וואָס שפּייזען זיך פון גאַכטליכע טרוימען, האָט די רעליגיאָן פאַר דעם מענשען — „שוין אביסעל מעהר, איידער מען דאַרף“, ווי טילטיל בעמערקט גאַנץ ריכטיג. אָבער די אַלע אַבסאָליוטע אמת'ן, לעבען נאָר אַזוי לאַנג, ווי מען געפינט זיך אין דער לאַזורנער אַטמאָספערע פון דעם רעליגיעזען גלויבען. קוים טראָגט איהר זיי אַרויס אויף דעם שיין פון דעם מענשליכען שכל, אַזוי ווערען ביי זיי אַראָבגעהאַנגען די בלאָהע קעפּעלעך: עס געהט זיי אויס דער אָטהעם.

און פון דעסטוועגען האָט די רעליגיאָן, די ממשלה פון דער איבערנאַטירליכער וועלט, פון דעם גייסטיגען פּרינציפּ, וואָס בעהערשט דאָס גאַנצע זיין, אַ „בלאָהען פויגעל“, אַן אבסאָליוטען אמת אין זיך. און ניט נאָר אין זיך גופא, נאָר אפשר, לפּחות, אַ פּונק פון איהם, — אין דעם רעליגיעזען טרוים פון דעם מענשען, אין יענע האַלב אַרויסגעשטאַמעלטע געדאַנקליכע פאַר־שפּיהרונגען (אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען), וואָס געפינען זיך אין יעדער רעליגיאָן,— געדאַנקליכע פאַר־געפיהלען פון דעם הייליגען און דעם אונענדליכען, וואָס פערשווינדען ניט מיט דעם שטראָם פון דער צייט, וואָס געהען איבער פון דור צו דור, פון רעליגיעזען פעריאָד צו רעליגיעזען פעריאָד און מאַכען די רעליגיע פאַר אַן אייביגען צווייג פון דער מענשליכער קולטור. אָבער יענער אבסאָליוטער אמת זיצט צו הויך און צו ווייט „אויף אַ שטראָהל פון דער לבנה“ — און דער מענשליכער שכל, אפילו דער רעליגיעזער, קאָן קיין מאָל ניט ווערען דער אויבערהאַרר איבער איהם.

אָבער אויב דער וועג פון דעם רעליגיעזען גלויבען און פאָרשען קאָן אונז ניט פיהרען צו דעם אבסאָליוטען אמת אין דער דערקענטניס פון דעם העכסטען גוט, — זאָלען מיר אפשר אַ פּרוב טהאָן אונזער מזל אין דער אויספאָרשונג פון דער נאַטור? די וועלט איז דאָך סוף־כל־סוף די נאַטור און דעריבער מוז דער תוך פון דער וועלט ליעגען ערגעץ וואו פערבאָרגען אין איהר. די מענשהייט, איינגעמאַטערט פון דעם צאַפּלען זיך אין די נעצען פון דעם רעליגיעזען דענקען, הונגעריג געבליבען נאָך דער רייכער סעודה פון לבנה־שטראַהלען, מיט וועלכע זי האָט זיך גע־

שפּייזט, וווענדט אָב איהרע בליקען פון דעם הימעל צו דער ערד, פון דעם איבערנאַטירליכען זיין צו דעם זיין, וואָס מיר בענעהמען מיט אונזערע חושים, צו דעם זיין פון דער נאַטור. דאָס איז געשעהן אין יענער צייט נאָך דעם מיטעלאַלטער, וואָס טראָגט אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען דענקען דעם נאָמען: די ווידערגעבורטס־צייט, די רענעסאַנס, — טילטיל געהט זוכען דעם „בלאָהען פויגעל“ אין דעם וואַלד.

דער וואַלד איז דער סימבאָל פון אַלץ, וואָס איז פער׳סוד׳עט אין דער נאַטור, און גאַנץ פּאַסיג האָט דער ערשטער גרויסער דענ־קער, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון דער רענעסאַנס־צייט, ווי איהר אַבשלום און בעסטע פרוכט, אין דערזעלביגער צייט ווי דער אָנהויב פון דעם נייען פּעריאָד אין דעם מענשליכען געדאַנק, — גאַנץ פּאַסיג, זאָג איך, האָט פרענסיס בעקאָן, דער פּאַטער פון אונזער מאָדערנער נאַטורוויסענשאַפט, דעם נאַטורוויסענשאַפטליכען טהייל פון זיין הויפּט־ווערק אַ נאָמען געגעבען „סילוואַ סילוואַרום“ — „אַ וואַלד פון וועלדער“. וואָס ווייטער מיר דרינגען אַריין אין די טיע־פעניסען פון דעם וואַלד, אַלץ ערנסטער און שטומער קוקט אונז אַנטקעגען זיין אייביגער שווייגען.

אונזער סטודיום פון דער נאַטור איז ניט נאָר אַ טהעאָרעטי־שער, ער איז אויך אַ פּראַקטישער, און אויף דעם געביעט פון דעם פּראַקטישען לעבען, אין דעם קאַמפּף פאַר דער הערשאַפט איבער די נאַטירליכע כחות האָט דער מענש געוואונען ניט איין נצחון, און די כראָניק פון זיינע טריאומפען אויף דעם פעלד פון נאַטורוויסענ־שאַפט און טעכניק וואַקסט — קיין עין־הרע — פון טאָג צו טאָג. אָבער צוריק — וויפיעל נקמה דערלעבט דאָס די נאַטור אָן אונז, פון דעם קליינעם מיקראָב אָן, ביז צו דעם הויכען סאַסנע בוים, וואָס גיט אונז מיט שמחה די פיער ברעטלעך פאַר אונזער קבר.

אין דער נאַטור ליעגט בעהאַלטען דער אַבסאָליוטער אמת, אָבער — ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין דער קאַמפּף פון דעם מענשען אַנטקעגען דער טבע, ווי זיכער עס זאָל ניט זיין סוף־כל־סוף זיין נצחון איבער דעם וואַלד, — דעם „בלאָהען פויגעל“ פון דעם וואַלד ברענגט ער ניט פון דאָרטען אַהיים.

דאָס איז דער קורצער גערדאַנקליכער אינהאַלט פון יענע סימ־באָלען, וואָס ווערען פאָרגעפיהרט אין דער סצענע פון וואַלד, ווען אַלע קרעפטען פון דער לעבעדיגער נאַטור ווערען אויפגערודערט צום קאַמפּף אַנטקעגען דעם מענשען, וואָס איז געקומען צו זיי נאָך דעם „בלאָהען פויגעל“.

דער שטרייט מיט דעם מענשען ווערט אָנגעפיהרט פון אַ דעמב, דעם אַלטען הערשער פון וואַלד. „דער דעמב איז אַן אַלטער זקן. דער קאָפּ איז בעדעקט מיט אַ קרוין פון וויסק־בלעטער. ער טראָגט אַ לאַנגען, גרינעם מאַנטעל מיט אַ זוים פון מאָך. ער איז בלינד; זיין ווייסע באָרד שוועבט דורך דעם ווינד. מיט איין האַנד שטיצט ער זיך אויף אַ גראָבען, געדרעהטען שטעקען און מיט דער אַנדערער אויף אַ יונגען דעמבענעם בוימדעל, וואָס דיענט איהם ווי אַ פיהרער. דער בלאָהער פויגעל שטעהט ביי איהם אויפ׳ן אַקסעל.“

איך וועל אייך דאָ ניט אויפהאַלטען מיט די איינצעלנע שעהנע מאָמענטען, וואָס געפינען זיך אין דעם אַקט פון דעם וואַלד. פאַר מיר איז וויכטיג דער הויפּט־סימבאָל — און ער קאָן געצייכענט ווערן מיט אַ פּאָר שטריכען.

אויפגערודערט אַנטקעגען דעם מענשען ווערען אויך דאָ די פיינדליכע מעכט אַ דאַנק דער מסירה פון דער קאַץ. דאָס לעבען פון טילטיל און זיין שוועסטערל שטעהט אין ערנסטער געפאַהר, ווייל יעדער בוים און יעדע חיה וויל נקמה נעהמען פון די קינדער פאַר אַל דאָס בייז וואָס דער מענש האָט אָנגעטהאָן זייער מין. בראַוו און מוטהיג האַלט זיך טילטיל, מיט מסירת נפש פאַר איהם קעמפּפט זיין טרייער הונד און — וואָלט ניט די נשמה פון ליכטיגקייט געקו־מען צו הילף, וואָלט אפשר שוין געוועזען אַ סוף צו טילטיל׳ן. ער קאָן זיין צופריעדען וואָס ער איז אַרויס אַ גאַנצער מיט׳ן לעבען. דעם „בלאָהען פויגעל“ האָט ער ניט געקאָנט קריגען: אויף דעם וועג פון נאַטור־וויסענשאַפט דערגרייכען מיר ניט דעם אַבסאָליוטען אמת.

די פּאָר סימבאָלען, וואָס זיינען אונז נאָך געבליבען קאָנען מיר בעשפּרעכען גאַנץ קורץ. דער גרונד־געדאַנק — האָף איך — איז שוין אונז געוואָרען קלאָר און מיר נויטיגען זיך מעהר ניט אין קיין בעווייזען צוליעב איהם.

נאָך דעם וואַלד געהען די קינדער אויפ׳ן בית־עולם צו די

מתים, טאָמער האָט איינער פון זיי בעהאַלטען דעם פויגעל ביי זיך אין קבר. אָבער דאָרטען קאָן דער „בלאָהער פויגעל" זיך ניט געפי־נען. מיר ווייסען שוין: „ס׳איז ניטאָ קיין מתים".

און איצטער, ווען די פערגאַנגענהייט און די געגענוואַרט איז שוין אויסגעפאָרשט געוואָרען, בלייבט נאָר איין ממשלה, וואו צו זוכען דעם „בלאָהען פויגעל" — אין דער צוקונפט. אויב מיר קאָנען איצטער דעם אבסאָליוטען אמת ניט געפינען, לאָמיר ווענינגסטענס לעבען מיט דער האָפנונג, אַז ער וועט זיך פאַר אונזערע אייניקלעך אָדער אור־אור־אייניקלעך אין אַ וויפיעל׳סטען גליעד אַנטפּלע־קען אין זיין גאַנצער פּראַכט. אָבער אויך די האָפענונג רויבט פון אונז מעטערלינק אַוועק מיט זיין „בלאָהען פויגעל".... און אָט דעם טרויעריגען רעזולטאַט דערצעהלט ער אונז אין אַ קאַפּיטעל פון זיין ווערק, וואו פון יעדער שורה שפּריצט אַזוי פיעל גלויבען אין דעם לעבען און אין דער צוקונפט פון דער מענשהייט. אין דער שילדע־רונג פון דער ממשלה פון דער „צוקונפט" דערגרייכט מעטערלינק׳ס אָפּטימיזם זיין גרעסטע הויך. עס איז דער קלימאַקס פון זיין שיר השירים.

די סצענע שפּיעלט זיך אָב אין אַ לאַזורנעם פּאַלאַץ, וואו עס וואַרטען די קינדער, וואָס דאַרפען ערשט געבוירען ווערען. דאָרטען גרייטען זיך צו צו זייער קינפטיגען לעבען אויך די גרויסע העלדען פון דער מענשהייט, די בויער פון זיין צוקינפטיגער קולטור. און וואָס פאַר אַ שעהנע זאַכען זיי בויען דאָרטען פאַר אונז, וואָס פאַר אַ מתנות זיי ווילען דאָס ברענגען מיט זיך אויף דער וועלט!

מיר האָבען שוין געזעהן, אַז איינער דאַרף ערפינדען דאָס, וואָס וועט מאַכען גליקליך דעם מענשען. איינער האָט אָנגעגרייט עפּעס אויף צו פערלענגערן דאָס לעבען און נאָך איינער, קאָן זיין, וועט אפשר אין גאַנצען בעפרייען די מענשהייט פון טויט. דער האָט אויסגעטראַכט אַ נייעם קוואַל פון דער שעהנסטער בעלייכטונג; יענער ווייס, ווי אַזוי צו בעקומען ריינע פרייד דורך געדאַנקען. גאָר ניט קיין איבעריגע זאַך איז אויך דער נייער מין פייער, מיט וועלכען איינער וויל דערוואַרעמען די ערד, ווען זי וועט שוין ווערען קאַלט... אמת, עס וועט נאָך געדויערען אַביסעל ביז די ערד־קינדער וועלען זיך נויטיגען אין איהם; אָבער פאַר וואָס זאָל ניט זיין פערוואָהרענט

לכתחילה, אז ווען מען וועט דארפען דעם פייער, וועט ער איהם שוין ברענגען, דער לאַזורנער אינגעלע פון דער צוקונפט׳ס ממשלה, וועלכע וועט בעהערשט דורך די בעפעהלען פון דעם לעבען. און איינער וועט גאָר אין גאַנצען מבטל זיין דעם אונרעכט צווישען מענשען. אָבער — ווען? כ׳לעבען, דאָס האָט געמאָגט זיין אביסעל פריהער, איידער אונזער „אַלטעטשקע"-ערד וועט דארפען זיצען ביים קאמין און זיך וואַרעמען די הענד פאר א קינסטליכען פייער.

אָבער דער „ווען" איז אַן אייביגע געהיימנים. די צייט ריכט אוים די קינדער אויף דער וועלט דורך דער פאַרט פון דער מאָרגען־רויט און זי, די צייט, ווייס שוין וואָס זי טהוט. קומט די צייט צו געהן אויף דער וועלט, העלפט ניט קיין טענות ומענות. מען מוז געהן, אַקוראַט ווי שפּעטער, ווען מען וועט דארפען צוריק. אָט, צ. ב., ווי די צייט „באַלעבאַטעוועט", בעת זי ריכט אוים דעם טעגליכען טראַנספּאָרט אויף דער ערד.

„ד י צ י י ט: איינציגוויז! איינציגוויז!... ווידער גע־קומען מעהר, איידער מען דארף... אייביג דיזעלביגע מעשה. מיך וועט איהר ניט אָבנאַרען (שטופּט איינעם אָב צוריק). ניט דיין צייט.... און אויך ניט דיינע. געה און קום צוריק ערשט אין צעהן יאָהר ארום. א דרייצעהנטער פאַסטוך. מען דארף ניט מעהר ווי צוועלף. זיי זענען סתם שוין איבעריג: מיר לעבען ניט אין טעאָקריט׳ס צייטען אָדער ווערגיל׳ס... ווידער דאָקטוירים! עס איז שוין אָהן אייך גענוג מעדיקער אויף דער וועלט. אַלע בעקלאָגען זיך... און וואו זיינען די אינזשעניערען? מען פאָדערט אויך אַן עהרליכען מענשען, נאָר איי־נעם, ווי אַן אויסנאַהם.... איז וואו איז דער עהרליכער מענש? דאָס ביזטו? (דאָס אינגעל שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף „יע".) שוין גאָר א צרה׳דיגער אויסזעהן ביי דיר... העי, דאָרטען, זייט אביסעל שטילער, כאַפּט נישט!... און דו — וואָס פיהרסטו מיט זיך. גאָרנישט? ווילסט דורכגעהן מיט לעדיגע הענד... אז אסור! גרייט עפּעס אָן; עפּעס א גרויסען פערברעך אָדער א חלאת, — אַלץ איינס, דער עיקר עס זאָל עפּעס זיין. (בעמערקט אַ אינגעל, וועלכען מען שטופּט פאַראויס און ער שפּאַרט זיך איין מיט אַלע כחות.) וואָס איז דאָס אזוינס? דו ווייסט דאָך, אַז דיין צייט איז געקומען... מען דארף האָבען א העלד

וואָס זאָל בעזיעגען די אונגערעכטיגקייט. דאָס ביזטו דאָך — איז געה!

„ד י  ל א ז ו ר נ ע  ק י נ ד ע ר: ער וויל ניט...

„ד י  צ י י ט: וואָס הייסט ער וויל ניט? וואָס טראַכט ער זיך, דער קליינער מפיל? אָהן טענות! ניטאָ קיין צייט.

„ד אָ ס  א י נ ג ע ל ע (שפּאַרט זיך איין): איך וויל ניט, בעסער גאַר ניט געבוירען ווערען. איך׳ל בלייבען דאָ.

„ד י  צ י י ט: קיינער פרעגט ביי דיר ניט. קומט די צייט, דאַרף מען געהן — און אַ סוף מיט אַן עק. גיכער! גיכער!"

געוויס, פאַראַן אויך דאָרטען קינדערלעך, וואָס האַלטען פון דעם אַלטען אידישען כלל, אַז נח לו לאדם שלא נברא משנברא, בע־סער פאַר דעם מענשען ניט געבוירען צו ווערען, איידער געבוירען צו ווערען. משמעות, אַז פון זיי שטאַמט דאָס דער פּעסימיזם אויף דער וועלט. אָבער זיי זיינען דאָרטען אקוראַט אזוי וועניג ווי דאָ. און אויך דאָרטען האָבען זיי ניט קיין ברעקעל ברירה. די צייט איז אונ׳ברחמנות׳דיג און אויף אַלע טענות ענטפערט זי: „ניט מיין דאגה! געהט ברענגט אייערע קלאָגעס צו דעם לעבען. איך בינד צונויף און שייד פאַנאַנדער, נאָר ווי דאָס  ל ע ב ע ן  בעפעהלט."
דאָס רוב אָבער ווילען אַלע געבוירען ווערן, ועמעס צייט עס איז שוין געקומען. מען האָט אפילו געכאַפּט איינעם, וואָס האָט זיך שוין צום דריטען מאָל געוואָלט דורכ׳גנב׳ענען פאַר דער צייט... און אַז דער אָקרענט מיט די קינדער שווימט אוועק אויף די וואָלקענס פון דער מאַרגענרויט און די קינדער דערזעהען די ערד, דערהויבען זיך פריידיגע געשרייען: „די ערד! די ערד! איך זעה זי. ווי שעהן זי איז! וואָס פאַר אַ ליכטיגע! וואָס פאַר אַ גרויסע!" און זיי אַנט־קעגען טראָגט זיך אַ געזאַנג פון די מוטערס, פול מיט פרייד און ערוואַרטונג.

איז אין דער ממשלה פון דער צוקונפט פאַראַן אַ „בלאָהער פויגעל"? אודאי! און געכאַפּט האָט מען איהם אויך: ניט קיין אַנדערער, ווי די נשמה פון דעם ליכטיגען שיין בכבודה ובעצמה. אָבער — וואָס איז געוועזן דער רעזולטאַט? עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז ניט קיין אמת׳ער: ער האָט באַלד געביטען זיין פאַרב, ער איז געוואָרען  ר ו י ז...

וואָס איז דער נמשל פון דעם משל? — גאָר א פשוט'ער נמשל. ווען מיר פאַנטאַזירען וועגען דער צוקונפט פון דער מענשהייט, גלויבען מיר, אז ער וועט ווען עס איז געפינען דעם אבסאָליוטען אמת. אָבער — מיר מעגען ווי שטארק ג ל ו י ב ע ן אין דער מאַכט פון דעם מענשליכען שכל — איז דאָס נאָר א ראָזעווע, מיט קיין זאַך ניט איינגעפונדעוועטע האָפנונג און — ניט מעהר!

אָבער נאָך אַן אַנדערער, שוין אביסעל א טיעפערער, געדאַנק שטעקט אין דעם זעלביגען סימבאָל. ווי אָפט זאָגען מיר נביאות וועגען דער צוקונפט פון דער מענשהייט און ווי אָפט שמועסען מיר זיך איין, אז די נביאות זיינען אויפגעבויט אויף דעם פעסטעסטען גרונד פון דער פינקטליכסטער וויסענשאַפט. אָבער די אַלע נביאות, מיט דעם „אייזערנעם גאַנג פון דער נאַטירליכער ענטוויקעלונג", אויף וועלכען זיי זיינען געבויט, זיינען אין תוך אריין, ווען מען בע־לייכט זיי מיט דעם העלען שיין פון דעם קריטישען געדאַנק, ניט קיין „בלאָהער" אמת פון דער פינקטליכער וויסענשאַפט, נאָר א „ראָזעווער" חלום פון דער צוגליהטער פאַנטאַזיע — און דעם גלוי־בען אין דעם מענשען...

דער סך־הכל פון טילטיל'ס זוכען איז, ווי איהר זעהט, גאָר ניט קיין געראָטענער. „ניטאָ ביי מיר דער „בלאָהער פויגעל", בעקלאָגט ער זיך צום סוף פון דער נסיעה. „דער פון דעם עראינערונג־לאַנד איז געוואָרען שוואַרץ; דער פון דער צוקונפט איז געוואָרען רויז; די פויגלעך פון דער נאַכט זיינען טויט, און דעם פויגעל פון דעם וואַלד האָב איך ניט געקאָנט פאַנגען. בין איך דען שולדיג, וואָס זיי בייטען די פאַרב, אָדער שטאַרבען, אָדער גליטשען זיך ארויס פון די הענד? וועט די פעע ניט זיין אין כעס? וואָס וועט זי זאָגען?"

„מיר האָבען געטהאָן אַליץ, וואָס מיר האָבען געקאָנט", טרייסט איהם דער ליכטיגער שיין. „ס'קאָן זיין, עס איז גאָר ניטאָ קיין בלאָ־הער פויגעל און אפשר בייט ער זיין פאַרב, ווי נאָר מען זעצט איהם אריין אין שטייגעל."

אויב איך האָב געטראָפען מיט מיין סברה, אז די פעע איז די מעטאַפיזיק, ווייס איך גאַנץ גוט, וואָס זי וועט זאָגען. פאַר איהר זיינען דאָס ניט קיין תירוצים. זי דאַרף האָבען דעם אמת'ן „בלאָהען פויגעל" און דוקא אין שטייגעל. זי וועט זיין אין כעס אויף זיך

אַליין, וואָס זי האָט געשיקט די קינדער דורך אַזאַ פּשוט׳ען וועג ווי — געהן דורכ׳ן פּענסטער. געדאַרפט האָט מען גאַנץ בעשטימט קריכען דורכ׳ן קוימען, און אַן אַנדערס מאָל וועט זי גאַנץ געוויס לאָזען אויספּרובען דעם ריכטיגען וועג... אָבער איך וואָלט איהר גענעבען אַזאַ׳ן עצה. לאָז זי אויסקלויבען די צייט און דעם וועג, וואָס זענען שוין מיט אַזוי פיעל מזל אויסגעפּרובט געוואָרען אין די אידישע פאָלקס־מעשה׳לעך: זאָל זי אָבוואַרטען, ביז שבת־צו־נאַכט וועט אויספּאַלען אַם מיטוואָך נאָך האַלבען טאָג און לאָז זי לאָזען די קינדער זיך גליטשען אויף אַ לונג־און־לעבער׳ל פון אַ ניסעל, אויף וועלכען די בעריהמטע דריי לעבעדיגע מתים האָ־בען זיך געגליטשט, און יעמאָלט קאָן זי זיין זיכער, אַז זיי וועלען זיך שנעל דערגליטשען ביז צו דעם אמת׳ן „בלאָהען פויגעל“.

אָבער אונזערע עצות דערגעהען שוין ניט צו דער צויבער־פעע... אין דעם לעצטען אַקט האָבען זיך די קינדער אויפגעכאַפּט ביי זיך אין דער היים און דאָ דערמאַנט זיך טילטיל אָן זיין טורטעל־טויב, וואָס הענגט ביי איהם אין שטייגעל:

„זעה, זעה!“ — ווערט ער פול מיט התפּעלות. „ער איז בלאָה! דאָס איז דאָך מיין טייבעלע... אָבער זי איז איצטער אַ סך בלאָהער, איידער פריהער, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען... זעה, דאָס איז דאָך דער „בלאָהער פויגעל“, וואָס מיר האָבען איהם געזוכט. מיר זיינען אַזוי ווייט געגאַנגען נאָך איהם און ער איז גאָר דאָ... אָט איז דיר אַ מעשה!“ אויך די צויבערהאַפטע פעע בעריליונאַ ווערט צוריק פער־וואַנדעלט אין דער פּשוט׳ער אַלטעטשקער, דער פויערטע בערלענגאַ, מיט איהר לעבעדיגער אָבער קראַנקער אייניקעל, וואָס נעהמט פאַר גוט דעם ניט גאָר „בלאָהען“ היימישען פויגעל פון טילטיל׳ס שטיי־געל: זי איז צופריעדען מיט יענע אמת׳ן, וואָס דער מענש ברענגט ארויס פאַר זיינע לעבענס־נויטען, וועלכען אויך טילטיל האָט געגור־מען גאָר אַנדערש שעצען, נאָך די נסיונות פון זיין רייזע. אמת, אויך אָט דער פויגעל האָט זיך אַרויסגעריסען פון די קינדער׳ס הענד. און דאָס טרעפט זיך מיט דעם מענשען גאַנץ אָפט. עס זיינען דאָ געגנוג צייטען, ווען דער איינצעל־מענש אָדער אפילו אַ גאַנצער דור, פערליערט דעם מענשליכען אמת פון אויג. אָבער שטאַרק טרויערען וועגען דעם זאָלען מיר ניט: טילטיל איז גערעכט. „נישקשה, ניט

וויין", זאָגט ער, „איך וועל איהם שוין כאַפּען", — ווייל אָהן אַן אמת קאָן דער מענש ניט לעבען.

מיר זיינען איצטער ביים סוף פון דער מעשה'לע. עס וואָלט זיך אפשר געלוינט זיך נאָך אביסעל מעהר אָבשטעלען אויף דעם סימבאָל פון דער קאַץ, דער אינטריגערישער מסור'טע, דעם פיינד פון דעם פרייען געדאַנק, דעם פערבינדעטען פון דער נאַכט, וואָס איהם לאָזט מעטערלינק אַרויסגעהן אין דער מאַסקע פון אַ פראַנ־צויזישען דיפּלאָמאַט; אויף דעם סימבאָל פון דעם טרייען בולדאָג, וועלכען ער לאָזט אויסזעהן ווי דעם ענגלישען דזשאָהן בולל אין דער מאָדערנער קאַריקאַטור; אויף דעם סימבאָל פון דעם באַלעבאַטישען, דורך־און־דורך בורזשואַזען ברויט; אויף דעם זיסען, ט ו ג ע נ ד־ה א פ ט ע ן צוקער, וואָס ברעכט אָב זיינע צוקער־פינגער פאַר דעם מענש, — שוין אַ צו זיסע פיגור, וואָס שמעקט מיט לאַקרעץ פון די טאָג־טעגליכע מאָראַל־פּרעדיגטען, — אָבער — לאָמיר דאָס אַלץ לאָזען אָן אַ זייט. לאָמיר ניט פערגעסען, וואָס איך האָב שוין געזאָגט, — אַז די בלאָה־אויגיגע קינדער־מעשה'לע מעטערלינק'ס איז ניט קיין פילאָסאָפישע אַלעגאָריע, נאָר אַ פילאָסאָפישער ס י מ ב אָ ל, און עס איז גענוג, אַז מען קאָן אַרויסברענגען זיין גרונד־געדאַנק.

און דער גרונד־געדאַנק איז: דער אבסאָלוטער אמת, נאָך וועלכען עס יאָגט זיך דער מעטאַפיזישער געדאַנק, איז ניט פאַר דעם מענשענ'ס כחות. לאָמיר זיך צופריעדען־שטעלען מיט יענעם אמת, וואָס קאָן בעשאַפען ווערען פון דעם מענשען, ווייל קיין אנדערן האָט מען פאַר אונז ניט אָנגעגרייט. און דער מ ע נ ש ל י כ ע ר איז גענוג, כדי אויף איהם צו בויען דעם מענשענ'ס גליק.

הייסט דאָס, אָבער, אַז מיר זאָלען זיך אין גאַנצען אָבזאָגען צו פערלאָזען די ג ע ז ע ה ע נ ע וועלט פון די חושים און זיך נאָר ניט אריינלאָזען אין די געטראַכטע וועלט פון דעם מענשליכען שכל? ניין, דאָס איז נאָך דערפון ניט געדרונגען. דער מענש מוז זוכען דעם אמת און פון זיין הארצען קאָן מען קיין מאָל ניט אויס־וואָרצלען דעם גלויבען, אַז ער געהט זוכען ניט דעם שאָטען פון זיין אייגענער נאַטור, נאָר די צענטראַל־זון פון דער אייביגער וועלט; און אַז דאָס וואָס ער האָט געפונען, איז ניט אַ דמיון פון אַ וועלט־אמת, נאָר דער „אייביגער בלאָהער פויגעל" אין זיין גאַנצען אייביג

אונפערענדערליכען אמת. דאָס איז אַן אילוזיע פון דעם מענשען׳ס שכל׳דיגען אויג, אָבער אַ נויטווענדיגע אילוזיע, פון וועלכער ער קאָן זיך ניט בעפרייען.

און אַלע מאָל, ווען מיר פאַלען אריין אין דער מאַכט פון דער אילוזיע, דאַרפען מיר ניט פערגעסען, אַז אַלץ, וואָס דער מענשליכער שכל ברענגט אַרויס, איז פאָרט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פּראָדוקט פון דעם מ ע נ ש ל י כ ע ן שכל, וואָס קאָן זיך בשום אופן ניט אַרויסרייסען פון יענע גרענעצען, וואָס זיינען אַרומגעצירקעלט געוואָרען אַרום זיין נאַטור.

מיר דאַרפען, סוף־כל־סוף, ניט קוקען פון אויבען אַראָב אויף די מעטאַפיזישע אילוזיעס. זיי זיינען אַקוראַט אַזוי נויטיג פאַר׳ן שכל, ווי די אילוזיעס פון פאַרבען פאַר׳ן אויג. מיר דאַרפען נאָר פערשטעהן זייער טבע און זייער גרענעץ.

און אונטער דער שליטה פון דער דאָזיגער אילוזיע, וועלען מיר נאָך ניט איין מאָל געהן זוכען דעם „בלאָהען פויגעל“ אי אין דעם לאַנד פון דער עראינערונג, אי אין דער ממשלה פון דער נאַכט, אי אין דעם געדיכטען וואַלד פון דער נאַטור, אי אין דעם לאַזורנעם לאַנד פון דער צוקונפט, — און אפילו ביי די מתים אין די קברים וועלען מיר זיך גראָבען און איבערטרייסלען ביי זיי אַלע טאַשען. און אויב מען וועט דאַרפען, וועלען מיר קריכען דורכ׳ן קוימען; און אויב עס וועט ניט זיין קיין אַנדער ברירה, וועלען מיר שבת׳ע־נאַכט נאָך האַלבען טאָג זיך גליטשען אויף אַ לונג־און־לעבער׳ל פון אַ ניסעל... אָבער אין אַלע אָט די מאָמענטען טאָרען מיר ניט פערגעסען, אַז מיר געהען בעפריעדיגען אַ מ ע נ ש ל י כ ע בעדערפעניס און אַז מיר דאַרפען ברענגען אַהיים עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל העלפען דעם מענשען אין זיין לעבען אויף דער וועלט.

מעטערלינק איז געגאַנגען זוכען דעם „בלאָהען פויגעל“ און האָט אונז געבראַכט אַ „בלאָהען פויגעל“, — ניט דעם אַבסאָליוטען אמת, ניט דעם סימבאָל מיין איך איצטער, נאָר דאָס שטיק ווירקליכע פּאָעזיע, וואָס ווערט געשפּיעלט אויף דער סצענע. אַן אויסנוס פון לויטערע לעבענס־פרייד, איז דאָס געבויט אויף אַ צניעות׳דיגער פילאָסאָפישער שטימונג. די זילבערנע שטים מעטערלינק׳ס קלינגט נאָך דערווייל איינזאַם אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, וואו עס

דר. ח. זשיטלאָווסקי

הערשען נאָך דאָס רוב די טיעפע שאָטענס פונ'ם פעסימיזם. אָבער מעטערלינק געהערט צו די גייסטער, וואָס קאָנען זיך אויפהויבען הויך, גאָר הויך, כמעט ווי אויף אַ שטראַהל פון דער לבנה. איהם איז גרינגער איידער אַ סך אַנדערע צו בעמערקען, אַז די זון־פינס־טערנים איז שוין פערביי, און צו בעגריסען די בעפרייטע זון. זיין שטים וועט אויפוועקען די אַנדערע, וואָס שווייגען נאָך, בעקלעמט פון די פינסטערע שאָטענס.



# איוב

## א פאעמא פון דעם אידישען פרייען געדאנק

א פארלעזונג

פון

**דר. ח. זשיטלאווסקי**

---

קאמיטעט פאר דער ארויסגאבע פון
דר. ח. זשיטלאווסקי'ס שריפטען
ה. מינדלין, טרעזש.
**H. MINDLIN, 122 BOWERY, NEW YORK.**
**New York 1915.**

# איוב, א פּאָעמא פון דעם אידישען פרייען געדאנק

חברים און פריינד!

„איש היה בארץ עוץ; איוב שמו": „געוועזן א מאַן אין דעם לאַנד עוץ; איוב איז זיין נאָמען", — אזוי הויבט זיך אָן אַן אַל־טער־אַלטער ספר, וואָס בעשרייבט אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד אין דעם לעבען פון „אַ מאַן — איוב". וועגען דעם ספר און יענעם עפּיזאָד ווילען מיר זיך אַ ביסעל דורכשמועסען היינטיגען אָוועגד.

האָט געלעבט ווען עס איז אַ מאַן איוב און מיט ווי לאַנג צו־ריק? ווי אַלט איז דער ספר?

אויף די פראַגען קאָן מען מיט פאָלשטענדיגער זיכערקייט איצטער געבען אַן ענטפער נאָר וועגען איוב'ס פּערזאָן און זיין לעבען. אַז ווען עס איז אין דער גראַה־אַלטער צייט האָט וואו עס איז געלעבט אַ מאַן מיט דעם נאָמען „איוב", — דאָס אַבצולויי־קענען האָט קיין מענשליכער שכל קיין רעכט ניט; אָבער אַז דער עפּיזאָד פון זיין לעבען, — מיט די אַלע וואונדערליכע געשעהעני־סען, וועלכע ווערען דערצעהלט אין דעם הייליגען בוך, וואָס טראָגט זיין נאָמען, — האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פּאַסירען, — אין דערי־נען איז קיין בר־דעת ניט מסופק. אפילו אונזער תלמוד, וואָס ווערט אסור ניט נתפעל פון איבערנאַטירליכע פּאַסירונגען און נעהמט זיי אויף אַזוי פּשוט, אקוראַט ווי זיי וואָלטען געווען אבסאָלוט בעגלויי־בינטע וויסענשאַפטליכע פאַקטען, ווייס אויך גאַנץ גוט, אַז „איוב לא היה ולא נברא, אלא משל הוא" — איוב איז קיינמאָל ניט געוועזן. דאָס בוך וועגען איהם איז נאָר אַ מאָראַלישע פּאָעמע, גע־שריעבען מיט דעם צוועק ארויסצוברענגען אַ טיעפען מוסר השכל.

דערפאַר איז שוין ניט אַזוי גרינג צו פערענטפערן די אַנדער פראַגע: וועגען דעם עלטער פון דער פּאָעטישער שריפט איוב. סיי די אַלטע לעגענדע, סיי די איצטיגע וויסענשאַפטליכע פאָר־

שונג האָבען ניט געקאָנט קומען צו אַ וועלכער עס איז פּאָזיטיווער, איין־איינציגער מיינונג.

איין לעגענדע לאָזט איוב'ן לעבען אין די צייטען פון אברהם אבינו און — אויב איך מאַך ניט קיין טעות — לאָזט זי אברהם אבינו זיין דער מחבר פון דעם בוך. אַן אַנדער לעגענדע — אין אַן אַנמערקונג צו דער גריכישער איבערזעצונג פון די „שבעים זקנים" — וויל האָבען, אַז איוב איז דיזעלביגע פּערזאָן, וואָס דער מלך פון אדום יובב בן זרח פון בצרה; הייסט עס אַן אור־אייניקעל אין פינפטען גליעד פון אברהם'ען. לויט נאָך איינער, האָט ער געלעבט אין משה'ס צייטען, און איז גאָר געווען אַ יועץ ביי דעם יעמאָלט'־דיגען פּרעה מלך מצרים, און משה איז געווען דער מחבר פון דעם ספר. אַנדערע גיעבען פאַר איהם אַנדערע צייט־פּונקטען אָן און עס זיינען דאָ אין דער תלמודישער ליטעראַטור אויך אַזעלכע טראַדי־ציעס, וואָס לאָזען איוב'ן ארויסגעהן מיט די אידען פון גלות בבל, אָדער שטעלען אוועק זיין לעבען אין די ערשטע דורות פון די תנאים, — און אין יענער צייט ווערט אויך פּערזעצט די פערפאַסונג פון דער שריפט.

פון אברהם אבינו ביז צו די תנאים, אַזוי גרויס איז דער מהלך צייט, וואָס מען קאָן ערגעץ וואו צווישען זיינע גרעניצען אריינשטעלען, לויט דער לעגענדע, איוב'ס לעבען אָדער די בע־שאַפונג פון דעם פּאָעטישען ווערק.

געוויס, בעוועגט זיך די וויסענשאַפטליכע פאָרשונג וועגען דעם בוך „איוב" אין אַ סך ענגערע און ממילא בעשטימטערע גרעני־צען. אָבער אויך דאָ הערשען נאָך געוואַלטיגע חלוקי דעות; און ווארפט מען אפילו אראָב פון חשבון די עלטערע מיינונגען, ביי וועמען עס איז נאָך רעכט געווען, אַז אַזא ווערק, ווי איוב, זאָל קאָנען געשריעבען זיין אין שלמה המלך'ס צייטען, אָדער אין די צייטען פאַר די ערשטע גרויסע נביאים, בלייבען נאָך גענוג ספקות, געגנוג ארגומענטען און השערות, וואָס דערלויבען דעם איינעם אָדער דעם אַנדערן פאָרשער אויסצוקלייבען אַ פּאַסיגע צייט צווישען דעם זעקסטען און דעם צווייטען יאָהרהונדערט פאַר קריס־טוס, — אַ משך פון גאַנצע פיער הונדערט יאָהר! — דאָס רוב געלערנטע, — אַזוי רעכען איך — ווערען מסתמא איינשטימען

מיט דער כראָנאָלאָגיע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין קויטצש'ס קריטישער איבערזעצונג פון דער הייליגער שריפט, און וואס זעהט אין די לעצטע צעהן יאָהר פון דעם פערטען יאָהרהונדערט די גע־בורטס־צייט פון אונזער פּאָעמע.

אָבער אויך די, וואָס רוקען אראָב די דאָזיגע צייט ביז אין דעם צווייטען יאָהרהונדערט פון אונזער צייט־רעכענונג, ווילען דערמיט בשום אופן ניט זאָגען, אַז די גאַנצע לעגענדע וועגען איוב'ן איז געבאָרען געוואָרען לפי ערך אזוי שפּעט. בעל־פּה — דערצעהלונגען וועגען אַ מאַן איוב, וואָס האָט געהאַט בייצושטעהן אַ גרויסען נסיון און האָט געשליידערט ביטערע טענות אנטקעגען גאָט אָדער די געטער, האָבען געמוזט ארומקרייזען אין פאָלק שוין אפשר פון די עלטעסטע צייטען אָן. וועניגסטענס האָט די לעגענדע וועגען איוב'ן געמוזט זיין בעקאַנט אַ סך פאַר יחזקאל'ן, ווייל מיר געפינען ביי איהם דערמאָהנט דעם נאָמען איוב, אין איינעם מיט די נעמען נח און דניאל, ווי ביישפּיעלען פון גערעכטע מענשען. ס'איז אויך מעגליך, אַז אין אַ צייט, וואָס איז איצטער אזוי שווער צו בעשטימען, האָט אַ מחבר אויסגעארבייט אַ פּראָזאאיש ווערק, אויף דעם גרונד פון די דאָזיגע פאָלקס־טראַדיציעס, און עס קאָן גרייליך זיין, אַז יענע פּראָזאאישע טיילען, וואָס מיר האָבען נאָך איצטער אין דער שריפט און וואָס שטעלען מיט זיך פאָר די אזוי אָנגערופענע ר ע ה ם פון דער דיכטונג, שטאַמען נאָך פון יענעם פריהערדיגען פּראָזאאישען חבור, ווען אפילו זיי זיינען שטאַרק פערענדערט געוואָרען פון דעם אינגערען דיכטער.

ביי דער פראַגע, ווען איז בעשאַפען געוואָרען די פּאָעמע איוב, האָט מען אין זין יענע פּאָעטישע טיילען זיינע, וואָס שיל־דערען אונז דעם וכוח צווישען איהם און זיינע פריינד וועגען די וויכטיגסטע פּראָבלעמען פון דעם מענשענ'ס לעבען אויף דער וועלט. נאָר וועגען די טיילען קומט דאָס פאָר דער גרויסער סכסוך צווישען די געלערנטע פאָרשער. כמעט אַלע זיינען זיי איינס אין דעם, אַז דער פּאָעטישער טעקסט, וואָס געפינט זיך איצטער אין אונזערע הענד, איז ניט דערגאַנגען אָהן ענדערונגען צו אונז. איי־ניגע שטעלען זיינען אַזוי פערדאָרבען, אַז קיין פּירוש קאָן ניט אַרויסברענגען פון זיי קיין ווערטער עס איז פערגינעפטיגען זין:

סיידען מען זאָל זיך אַ לאָז טהאָן שווימען אין דעם אונבעגרעניצ־טען ים פון פשט׳לעך, פּלפּולים, און השערות וועגען אַן אַנדער טעקסט, וואָס האָט געזאָלט שטעהן אין דעם ערשטען מאַנוסקריפּט. פון אייניגע שטעלען קאָן מען דעם זין אַרויסברענגען נאָר מיט גרויס מיה. דאָ און דאָרט זיינען אין גאַנצען אַרויסגעפאַלען איינ־צעלנע פערזען, ווי מען קאָן דאָס בעווייזען דורך דעם מעטרישען בוי פון דעם געדיכט. דערפאַר זיינען אַ סך נייע פערזען אַריינגע־שטעלט געוואָרען, געווים פון אַ פרומער האַנט, וואָס האָט ניט גע־קאָנט אַריבערטראָגען איוב׳ס שאַרפען, פרייען געדאַנק, און האָט איהם אַריינגעלעגט אין מויל אַריין פרומע רייד, וואָס פּאַסען צו איוב׳ס לאָגישען געדאַנקען־גאַנג, ווי אַ דאָרן צו אַן אויג.

אויך דאָס ווערט כמעט פון אַלעמען אָנגענומען, אַז גאַנצע זעקס קאַפּיטלען, פון 32 ביז 37, — אליהו׳ס רייד צו איוב׳ן, וועלען זיינע פריינד זיינען פערשטומט געוואָרען, — זיינען ערשט שפּע־טער פון אַן אַנדער דיכטער אַריינגעטראָגען געוואָרען אין טעקסט. ספיקות זיינען אויך אַרויסגעזאָגט געוואָרען וועגען דעם קאַפּיטעל 28, מחמת ער איז אין זיך אָבגעשלאָסען און שטעהט כלומרשט אין קיין אינווענינגסטען לאָגישען צוזאַמענבונד מיט דעם גאַנצען אינהאַלט פון איוב׳ס טענות. מיר וועלען שפּעטער זעהען, אַז דער אַרגומענט איז ניט ריכטיג; אַז די געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין איהם, זיינען ענג פערבונדען מיט איוב׳ס גאַנצער וועלט־ און לעבענס־אַנשויאונג.

ווארפט מען אָבער אַראָב פון חשבון די אַלע פּונקטען, אין וועלכע אַלע קריטישע פאָרשער, — אָדער כמעט אַלע, — שטימען צונויף, בלייבט די גרויסע שאלה וועגען דער ליטעראַרישער געבורט פון אונזער ווערק אָן אָפענע ביז איצטער.

אָבער — ווי אינטערעסאַנט די פראַגע זאָל ניט זיין פון לי־טעראַר־וויסענשאַפטליכען שטאַנדפּונקט, ווי וויכטיג איהר פער־ענטפערונג זאָל ניט זיין פאַר דער געשיכטליכער ענטוויקלונג פון דעם אידישען געדאַנק, מוזען מיר זי דאָ לאָזען ליעגען אָן אַ זייט און בענוגענען זיך מיט די פּאָר מאָגערע דאַטען, וואָס איך האָב געמאַכט ביז אַהער. פאַר אונזער היינטיגען צוועק איז נאָר וויכטיג צו געדענקען, אַז ווי אַלט די איוב־פּאָעמע זאָל ניט זיין, געהערט

זי צו יענע דיכטונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס בלייבען אויביג יונג.

און אין דער אמת'ן איז דאָס אַ מערקווירדיג יונגע דיכטונג! אויב עמיצער וואָלט זיך פערגונען דעם שפּאַס איבערצוזעצען די וויכטיגסטע טיילען פון דעם קריטיש־אויסגערייניגטען טעקסט כמעט וואָרט פאַר וואָרט, נאָר אין אַ ביסעל אַ מאָדערניזירטער פאָרם, אונטערטראָגען דאָס אַ ליטעראַריש־געבילדעטען מבין, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלייענט איוב'ן, — אָך, צווישען די געבילדעטע פון היינטיגע טעג זיינען לײדער דאָ ניט ווענינ אַזעלכע, — און פערזיכערן איהם, אַז דאָס איז אַ ניי־געפונענער מאַנוסקריפּט פון ביירָאָנ'ען, וואָלט איהם בשום אופן ניט אַרויף אויף'ן געדאַנק, אַז איהר טרייבט מיט איהם שפּאַס. געוואונדערט וואָלט איהם נאָר, וואָס ביירָאָן האָט געקאָנט לאָזען פערוואָלגערן זיך אַזאַ פּערל פון זיין זשעניע, אפשר דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געשאַפען אין זיין גאַנצען לעבען, און גע'חדוש'ט וואָלט איהם, וואָס מען האָלט נאָך בשתיקא דעם געפונענעם אוצר און מען איז ניט מרעיש עולם וועגען דעם. דער טיעפער אינהאַלט, די געניאַלע שפּראַך, דער ביירָאָנישער שפּרונג פון ענין צו ענין, דער פּאָעטישער פערגלייך, וואָס בליצט אויף מיט אַ מאָל, אויף וועלכען איהר האָט זיך ניט געריכט, אָבער וואָס בעלייכט אייך אין איין הרף־עין די פינסטערסטע אָבגרונטען, דער געוואַלטיג שטאַרקער טאָן, וואָס ווערט ניט אָבגעשוואַכט אויף אַ מאָמענט, דאָס אַלץ, וואָלטען מיר געזאָגט, האָט איוב געגאַשט פון בייראָן'ס בעסטע ווערק, ווען מיר וואָלטען ניט געוואוסט אויף זיכער, אַז, אפילו לויט דעם חשבון פון דעם עקסטרעם־ראַדיקאַלסטען קריטיקער, דאַרף איוב אויך זיין עלטער פון ביירָאָנען אַזוי אַן ערך אַ צוויי טויזענד יאָהר.

עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס כמעט אַלע געשיכטס־שרייבער פון דער ליטעראַטור גיעבען צו, אַז איוב איז איינע פון די קאָסטבאַרסטע פּערעל אין דער אַל־וועלטליכער פּאָעזי, און עס איז גאַנץ געווים ניט קיין גוזמא, ווען פּראָפעסאָר שטייערנאַגעל, דער איבערזעצער פון איוב אין קויטצש'ס „הייליגע שריפטען“, הויבט אָן זיין איינלייטונג צו דער איבערזעצונג מיט די ווערטער, אַז „דאָס בוך איוב איז — ווי שוין פון אַלעמען דערקענט — איינס

פון די געוואַלטיגסטע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור". און איך גלויב, אַז יעדער איינער, וואָס פערטיפט זיך אין דעם שטודיום פון דער שריפט, מוז קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז סיי מצד איהר טיעפען פילאָסאָפישען אינהאַלט, סיי מצד איהר גליהענדער פּאָע־טישער פאָרם, קאָן איוב אויסהאַלטען דעם פערגלייך מיט די גרעסטע מייסטער־שאַפונגען, וואָס די מענשהייט האָט ארויסגע־בראַכט. על כל פּנים, מוז פאַר יעדען איינעם ווערן קלאָר, אַז מיר האָבען דאָ צו טהאָן מיט אַ ווערק, וואָס איז פון דער גרעסטער בע־דייטונג פאַר דער מענשהייט, און אַז איהר חשיבות ליעגט ניט נאָר אין דעם רייכען אוצר פון פּאָעטישע בילדער, געפיהלען און שטי־מונגען, וועלכע זי רופט אין אונז ארויס, נאָר נאָך מעהר אין איהר פ י ל אָ ס אָ פ י ש ע ן אינהאַלט, אין דער פאַנאַנדערוויקעלונג פון פּראָבלעמען, וואָס לאָזען עד היום ניט צורוה דעם טיעפער דענקענדען מענשען.

איוב איז קודם כל אַ פילאָסאָפישע פּאָעמע. עס וואָלט אויך ניט געווען קיין פעהלער, ווען מען וואָלט דאָס אָנגערופען אַ פילאָ־סאָפישע טראַגעדיע, ניט קוקענדיג אויף דעם גליקליכען סוף, מיט וואָס עס לאָזט זיך אויס די דערצעהלונג. טראַגיש איז אַלץ אין איוב: זיינע אונענדליכע ליידען, זיין מוטהיגער גייסטיגער קאַמפּף אנטקעגען אַ מאַכט, וואָס איז אונענדליך שטאַרקער, איידער ער, און פון וועלכער ער דערוואַרט ניט קיין יושר, אפילו ניט קיין ברע־קעל רחמנות. איוב׳ס קאַמפּף איז אַ העלדען־קאַמפּף, אין וועלכען ער נעהמט בעוואוסטערהייד דעם הערָאאיזם פון מסירת נפש אויף זיך, אַ קאַמפּף פאַר אַן אידעאַל מיט דעם קלאָרען איינזעהן, אַז דער אידעאַל קאָן קיינמאָל ניט מקוים ווערען. און די טראַגעדיע איז אַ פילאָסאָפישע דערפאַר, ווייל דער גייסטיגער קאַמפּף וואַקסט ארויס פון אַ בעשטימטען פילאָסאָפישען, אָבגרונד־טיעפען געדאַנק, וואָס האָט זיך ערשט פאַר איוב׳ען אנטפּלעקט אין זיין גאַנצער שיקזאַל־שווערער בעדייטונג.

איוב איז אַ ריין פילאָסאָפישע טראַגעדיע.

איך וויים, אַז פיעלע פון אייך וועלען אפשר גאָר נישט האָבען אנטקעגען דער כאַראַקטעריסטיק פון דער שריפט, ווי אַ טראַגעדיע, אָבער דערפאַר וועלען זיי ניט אַזוי גרינג איינשטימען מיט מיר, אַז

זי פערדיענט דעם נאָמען: „אַ ריין פילאָסאָפישע“, ווייל ביי אַ סך פון אונזערע געבילדעטע האָט זיך שוין פון לאַנג אָן איינגעוואָרצעלט דער אבער־גלויבען, אַז פילאָסאָפיע איז ניט אַ זאַך, וואָס איז געווען בנמצא אין דעם אַלטען יודענטהום. עטיק, רעליגיאָן, — יע! אין בעסטען פאַל, — רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע. אָבער פילאָסאָפיע? דאָס דאַרפען מיר זוכען ביי די גריעכען, וואו זי איז צום ערשטען מאָל געבאָרען געוואָרען.

איך קאָן דאָ מיך ניט אַריינלאָזען אין דעם גאַנצען ענין פון פילאָסאָפיע און רעליגיע אין זייער אינוועניגסטען שייכות. אָבער אַ פּאָר ווערטער מוז וועגען דעם געזאָגט ווערען איצט.

די פילאָסאָפיע האָט אַלע מאָל געהאַט דאָס בעשטרעבען צו בעשאַפען אַ וועלט־אַנשויאונג און אַ לעבענס־אַנשויאונג, ד. ה. אָבצוגעבען זיך אַ דין וחשבון וועגען די גרונד־קרעפטען, וואָס בעהערשען די וועלט, צונויפוועבען אַלע אונזערע איינצעל־בילדער פון די וועלט־פּאַסירונגען אין איין איינציג בילד פון דעם גרויסען וועלט־געשעהען און אויף דעם סמך פון דעם דאָזיגען בילד צו בעשטימען דעם זין און דעם ווערט פון דעם מענשליכען לעבען. די פילאָסאָפיע פערוואַנדעלט זיך אין אַ רעליגיע אין דעם געוועהנליכען זין פון דעם וואָרט, ערשט יעמאָלט, ווען די גרונד־קרעפטען ווערען בעטראַכט, ווי גייסטיגע „געטליכע“ וועזענס, מיט וועלכע דער מענש קאָן זיך אויפטראָגען, כמעט אויף דעם זעלביגען שטייגער ווי מיט זיינע מיט־מענשען; ווען עס ווערען אויסגעאַרבייט די פאָרמען און געזעצען, ווי אַזוי דער מענש זאָל זיך אויפטראָגען מיט זיי, — און, וואָס איז נאָך וויכטיגער איידער אַלץ, — ווען דער מענש איז מסכים צו נעהמען אויף זיך די התחיבות צו די געטליכע וועזענס, מחמת ליעבע צו זיי, אָדער ווייל ער וואַרט אויף אַ בעלוינונג פאַר זיין דיענסט, אָדער ווייל ער האָט מורא פאַר זייער שטראָף.

דערפון איז געדרונגען, אַז יעדע מעהר אָדער ווייניגער ענטוויקעלטע רעליגיע, אין וועלכער מיר געפינען אַ בילד פון דעם איינהייטליכען וועלט־פּראָצעס, אַ פאָרשטעלונג וועגען די גרונד־קרעפטען, וואָס בעהערשען דאָס „אַל“,—אַלץ איינס, ווי די וועזענס זאָלען ניט זיין אויסגעמאָלט און ווי גרויס עס זאָל ניט זיין זייער צאָהל, — מוז האָבען אין איהר פונדאַמענט אַ געוויסע וועלט־אַנשויאונג,

ד. ה. א פילאָסאָפיע, — און שוין ביי דעם אַלטען פּאָליטעאיזם פון מצרים, בבל, גריעכענלאַנד און רוים קאָנען מיר בשום אופן ניט אָוועקנעהמען זייער פילאָסאָפישען כאַראַקטער. דער געדאַנק, אַז איין טהייל פון דעם וועלט־פּראָצעס ווערט בעהערשט פון איין גאָט און דער אַנדערער — פון אַן אַנדערען; אַז דער דונער שטאַמט פון יופּיטער, תבואה וואַקסט אַ דאַנק צערעסען און ליעבע שטראַהלט אויף אין אונזער האַרצען, אַ דאַנק דער ווענוס, איז נאָך ניט קיין רעליגיע, נאָר ניט מעהר ווי בילדער, ווי אַזוי צו דערקלעהרען זיך די פּראָצעסען פון דער וועלט. ס'איז — פילאָסאָפיע, ווען אַפילו זעהר אַן אָרימע אין דעם פונקט פון שטרענגען לאָגישען דענקען. רעליגיע ווערט דער פּאָליטעאיזם נאָר יעמאָלט, ווען דער גלויביגער מענש טרעט אריין אין אַ פּערזענליכען בעריהר מיט יופּי־טער'ן, צערעס אָדער ווענוס, — איך מיין, פערשטעהט זיך, ווען ער גלויבט, אַז ער איז אריין אין אַזאַ פּערזענליכען בעריהר.

דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם מאָנאָטעאיזם, דעם גלויבען אין אַן איין־איינציגען גאָט. נעהמט מען איהם ניט מעהר ווי אַ דער־קלעהרונגס־פּרינציפּ פון דעם וועלט־געשעהען, האָט ער נאָך אין זיך ניט קיין ברעקעל רעליגיאָן, איז ער ניט מעהר ווי אַ פילאָסאָפישער געדאַנק. און אַפילו, ווען מען שטעלט זיך גאָט פאָר ווי אַ פּערזאָן, וואָס פערלאַנגט פון דעם מענשען געוויסע מעשים, ווערט דאָס נאָך אויך ניט קיין רעליגיע, ביז דער מענש איז ניט מסכים דערויף. דעם בעסטען בעווייז דערצו געפינען מיר אין דער פילאָסאָפיע פון איוב'ן (ביז צו זיין צווייטער בעקעהרונג), וואָס קאָן פּראָזאאיש אויסגעדריקט ווערען אַ שטייגער אַזוי: די וועלט ווערט אין אַלע איהרע טהיילען און איינצעלהייטען בעהערשט פון אַן אַלמאַכטיגען, אונענדליך קלוגען גאָט, — אָבער אַז אַך־און־וועה צו אַזאַ גאָט, אַך־און־וועה צו אַזאַ וועלט און אַז אַך־און־וועה צו דעם אָרימען מענשען, וואָס דאַרף זיך נעבעך געפינען אין איהר.

שוין דער פאַקט, וואָס דער גאַנצער געדאַנקען־גאַנג איוב'ס איז, ווי מיר וועלען שפּעטער נאָך מעהר זעהן, דורך־און־דורך מאָ־נאָטעאיסטיש און אין דער זעלביגער צייט דורך־און־דורך אַנטי־רעליגיעז, בעווייזט, אַז — ווענינגסטענס אין דער גלוטה־היטץ פון דעם געניאַלען געדאַנק, — קאָן דער רעליגיעזער עלעמענט אין גאַנ־

צען אוועקגעשמאָלצען ווערען פון דעם מאָנאָטעאיזם און עס בלייבט זיין ריין פילאָסאָפישער כאַראַקטער.

אַז דער אידישער מאָנאָטעאיזם איז געווים אין אַ סך אַ גרע־סערען גראַד און אין אַ סך אַ טיעפערען זין אַ „ריינע" פילאָסאָפיע, איידער דער אַלטער פּאָליטעאיזם, מיט זיין רייכער משפּחה פון געטער און געטינען, קאָנען מיר זעהן אויך פון דעם, וואָס עד היום איז דער פילאָסאָפישער געדאַנק ניט ביכולת לגמרי אָבצופרעגען דעם מאָנאָטעאיסטישען פּרינציפּ. גאָר גרויסע דענקער — און פ ר י י ע דערצו, — ד. ה. אַזעלכע, וואָס דענקען נאָר מיט זייער אייגענעם שכל און האָבען קיינעם ניט, ווערמען צו טהאָן צוליעב, — ווי צ. ב. אַזאַ גייסטעס־גיגאַנט, ווי פ י כ ט ע דער עלטערער (אין דעם צווייטען פעריאָד פון זיין פילאָסאָפירען) — קומען צו דער אַלט־אידישער פאָרשטעלונג פון אַ פּערזענליכען אַלמאַכטיגען, אַל־ווויסענדען און גערעכטען גאָט, פון וועמען עס שטאַמט אַלץ אין דער וועלט. דער מאָנאָטעאיזם איז נאָך עד היום אַ בערעכטיגטער פ י ל אָ ס אָ פ י ש ע ר שטאַנדפּונקט אַזוי גוט, ווי זיין געגנער דער אַטעאיזם, — אַ זאַך, וואָס מען קאָן בשום אופן ניט זאָגען וועגען דעם פּאָליטעאיזם פון דער אַלטער וועלט. אמת, אין די לעצ־טען פון אייניגע לעצטערע פילאָסאָפען, — דער עיקר די פּראַגמאַ־טיסטען, — ווערט דער מאָניסטישער שטאַנדפּונקט אין גאַנצען פערלאָזען, און הערט מען זיך צו אויפמערקזאַם צו דזשיימס'ען, קאָן מען באמת מיינען, אַז ער ווערט אין זיינע רעליגיעזע אַנשויאונגען אַ פּאָ ל י ט ע א י ס ט. אָבער ווי וויט ער זאָל ניט געהן אין זיין „פּלוראַליזם" און אין דער פערגייסטיגונג פון די פיעלע וועזענס, וואָס בעהערשען, לויט זיין מיינונג, די וועלט, — צוריק צו דער גריעכישער געטער־וועלט, — דער שעהנסטער פון אַלע פּאָליטע־איסטישע סיסטעמען, — וועט קיין דענקער אין פילאָסאָפישען ערנסט ניט קומען, בעת דער אידישער גאָט־גלויבען בלייבט נאָך אַ פילאָסאָפישע מעגליכקייט אויף פאַר דעם היינטיגען טאָג.

איך וויל דערמיט בשום אופן ניט זאָגען, אַז דער אידישער מאָנאָטעאיזם איז אויסגעוואַקסען פון אַ ריין פילאָסאָפישען בעד־שטרעבען צו געווינען אַ ריכטיגען בילד פון דער וועלט. איך וויים גאַנץ גוט, אַז גאַנץ אַנדערע מאָטיווען האָבען, אין ערשטער ליניע,

געטריבען דעם אידישען געדאַנק צו איהם: נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און סאָציאַלע. אָבער — ווער קאָן האָבען די גבורה אין גאַנצען אָבצולייקענען, אַז אויך פילאָסאָפישע בעדערפעניסען זענען דערביי אויפגעוועקט געוואָרען פון זייער שלאָף און אַז דער אידישער שאַ־פענדער גייסט, וואָס האָט שפּעטער בעוויזען זיין פילאָסאָפישע מאַכט אין אַ פילאָן פון אַלעקסאַנדריען, האָט שוין פון אָנהויב אָן געשפּירט אין זיך דעם דאָרשט צו אַ ריין פילאָסאָפישער דערקענט־ניס? על כל פנים מוז מען צוגעבען, אַז, קוים איז פון די נאַציאָ־נאַלע, פּאָליטישע און סאָציאַלע מאָמענטען אויסגעוואַקסען געוואָ־רען די פאַרשטעלונג פון אַן איינציגען, אַל־מאַכטיגען און אַל־גע־רעכטען גאָט, האָט זיין פילאָסאָפישער ווערטה ניט געקאָנט לאַנג בלייבען פערבאָרגען פון דעם אידען'ס גייסטיגע אויגען.

דער מאָנאָטעאיזם איז ביי די דענקער פון דעם אידישען פאָלק געוועזען ניט נאָר אַ רעליגיע, נאָר אַ ריין פילאָסאָפישע וועלט־אַנ־שויאונג, און די גרויסע בעדייטונג פון איוב'ס פילאָסאָפירען בע־שטעהט אויך אין דעם, וואָס זיין געדאַנק האָט אין דעם טראַגישען ראַנגלען זיך מיט גאָט, פאַנאַנדערגעריסען די אַלטע, אין אַלע טהיילען צונויפגעוואַקסענע היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג פון מאָנאָטעאיזם און רעליגיאָן.

אָבער ניט נאָר אויף דעם פעלד פון וועלט־אַנשויאונג איז גע־ווען גרויס דער געדאַנק פון דעם אידישען פאָלק, ניט נאָר דאָ האָט בעוויזען זיין גבורה דער געניאַלער מחבר פון איוב. נאָך טיעפער איידער אין די פּראָבלעמען פון דער וועלט־אַנשויאונג איז דער אי־דישער גייסט אריינגעדרונגען אין די פערוויקעלטע און אָפטמאָל אָנגעוועהטיגטע פּראָבלעמען פון דער לעבענס־אַנשויאונג.

וועלט־און־לעבענס־אַנשויאונג ווערען ביידע געבוים מיט קאָפּ און הארץ, מיט פערשטאַנד און געפיהל. אָבער בעת די וועלט־אַנשויאונג קאָן כמעט אין גאַנצען אויסקומען אָהן דעם עלעמענט פון געפיהל (וועניגסטענס, על פי טהעאָריע), איז די הויפּט־מאַכט, וואָס בעשאַפט לעבענס־אַנשויאונגען — דער געפיהל. די הארץ האָט איהר לאָגיק, איהר אַרט צו זעהן און אויסצוטייטשען ערשיי־נונגען. איין־און דערזעלביגער פאַקט האָט אַ גאַנץ אַנדער בעדיי־טונג, אַ גאַנץ אַנדער זין, עס ווענדט זיך אָן דעם, ווי מען נעהמט

איהם אויף: נאָר מיט דעם פערשטאַנד, אָדער אויך מיט דעם געפיהל.

אז איך האָב פאַר מיר אַ פאַקט: „מיין קינד איז געשטאָרבען“, האָט ער אין דער שפּראַך פון דעם געפיהל אַ גאַנץ אַנדער אויס־טייטש, איידער אין דער שפּראַך פון דעם ריינעם פערשטאַנד. פאַר דעם קאָפּ איז „מיין“ ניט מעהר, ווי אַן אָנווייז, ווער איז דער פאָ־טער פון דעם קינד, — אַ גלייכגילטיגער דאַטום, ווי די נומער פון דעם הויז, אין וועלכען דאָס קינד האָט געלעבט. פאַר דעם געפיהל איז „מיין“ — אַ גאַנצע וועלט. דאָס וואָרט זאָגט: דאָס איז ביי מיר צוריסען געוואָרען דאָס הארץ אויף צווייען, ביי מיר פער־פינסטערט געוואָרען די זון. און „קינד“ איז אויך ניט נאָר אַן אָנווייז אויף דעם וואוקס אָדער דעם עלטער פון דעם פערשטאַר־בענעם. פאַר'ן הארצען איז דאָס — „קינד מיינס!“ — אַ מקור פון פריידען אָהן אַ צאָהל, פון רחמנות־און ליעבע־געפיהלען, מיט וועלכע עס איז געווען איינגעפלאָכטען אין מיין נשמה. און „גע־שטאָרבען“ הייסט ניט פּשוט: „דאָס הארץ האָט אויפגעהערט שלאָגען, די לונגען — עטהעמען, די בלוטען — צירקולירען“, — אַ ריין פיזיאָלאָגישע בעשרייבונג פון טויט, ווי מען קאָן זי אויך מאַכען ביי אַ בלעטעל, אָראָבגעריסען פון אַ בוים. „געשטאָרבען“ הייסט פאַר'ן געפיהל: ניט מעהר קאָנען עס צודריקען צום הארצען, ניט מעהר קאָנען ארייַנבליקען אין זיינע ליכטיגע אויגען, ניט מעהר קאָנען בעדעקען זיין פּנים מיט ווארימע קושען. „געשטאָרבען“ הייסט: איבערגעשניטען טויזענטער נערוועז, וואָס האָבען מיך צוגעבונדען צו איהם, און די אַלע טויזענטער איבערגעשניטענע נערוועז פערגעהען זיך אין ברענענדען צער.

אָט דאָס הייסט זעהן אַ פאַקט מיט די אויגען פון געפיהל, און אַזוי ווי אַ לעבענס־אַנשויאונג איז הארצענס־לאָגיק, קאָן זי ריכטיג פערשטאַנען ווערען נאָר פון יענע, וואָס לייענען איהרע ווערטער מיט דעם הארצען און ניט נאָר מיט'ן קאָפּ, און אויך דאָס בתנאי, אז די פאַקטען, אויף וועלכע די וועלט־אַנשויאונג ווערט אויפגע־בויט, רופען אין אונזער הארצען אַרויס דעם זעלבּיגען אָבקלאַנג פון געפיהל, וואָס ביי דעם מחבר פון דער וועלט־אַנשויאונג.

איוב'ס טראַגישער לעבענס־בליק שטעלט די דאָזיגע פאָדערונג

צו אונז. נאָר דער קאָן איהם פערשטעהן און באמת אריינגנעהמען אין הארצען, וואָס האָט, לאָז זיין איין מאָל אין לעבען, געהערט צו די שווער ליידענדע, וואָס איז לכל הפּחות אויף א ווײַלע געשטאַנען ביי דעם אָבגרונט פון מענשליכען יאוש און טיעף אריינגעבליקט אהין; וואָס קאָן, ווענינגסטענס, אין הארצען זיך משער זיין, ווי עס זעהט אויס אין דער נשמה ביי די, „וואָס בענקען", ווי איוב, „נאָכ'ן טויט און ער קומט ניט, וואָס גראָבען נאָך איהם מיט מעהר לוסט, איידער נאָך בעהאַלטענע אוצרות און וואָלטען זיך געפרעהט ביז צום עקסטאַז, ווען זיי וואָלטען געפונען דעם קבר." *)

וואָס האָט אריינגעשליידערט דעם מענשען איוב אין דעם אָבגרונד פון יאוש?

אייך איז געווים בעקאַנט דער ספּור המעשה. לאָזט מיך אייך דערמאָהנען זיינע וויכטיגסטע שטריכען אין דער בעלייכטונג פון יענעם פילאָסאָפישען געדאַנק, וואָס געהט דורך ווי א רויטער פאָ־דעם איבער דער גאַנצער פּאָעמע.

געווען א מאַן אין דעם לאַנד עוץ מיט דעם נאָמען איוב, א גערעכטער, פון זינד ריינער, א גאָטס־פאָרכטיגער און אָבגעקעהרטער פון שלעכטס. טרעפט זיך א מאָל, זענען זיך צונויפגעקומען די בני־אלהים (די מלאָכים) פאַר גאָט און אויך דער שטן צווישען זיי... פרעגט ביי איהם גאָט, צי האָט ער זיך צוגעקוקט צו אַזא גערעכטען און גאָטס־פאָרכטיגען מענשען, ווי איוב? ענטפערט דער שטן: „האָט דען איוב אומזיסט מורא פאַר גאָט? האָסטו ניט ארומ־געצוימט פון אלע זייטען איהם און זיין הויז און אלץ וואָס ער האָט? די ארבייט פון זיינע הענד האָסטו געבענשט און זיין פיה האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער'ן לאַנד. אָבער שטרעק נאָר אויס דיין האַנד און ריהר אָן אלץ, וואָס איהם געהערט, וועסטו זעהן, ווי ער וועט דיך אָפען פערשילטען".

אויף דעם ערשטען בליק קאָן מען מיינען, אז די גאַנצע אונ־טעררעדונג צווישען גאָט און דעם שטן דרעהט זיך ארום רעליגיעזע פרומקייט. איוב איז גאָט'ס קנעכט; ער איז פ ר ו ם, פאָלגט וואָס גאָט האָט געהייסען, און גאָט האָט הנאה פון איהם, ווי א

*) קאפּ. ג' 21—23.

באַלאַבאַס האָט הנאה פון אַ גוטען משולח. אָבער טראַכט מען זיך אַריין אַ ביסעל טיעפער, ווערט איינעם באַלד קלאָר, אַז דאָ רעדט זיך וועגען אַ סך העכערער זאַך איידער פרומקייט. אָדער ריכ־טיגער געזאָגט, אַז פרומקייט און גאָטס־פאַרכטיגקייט האָבען אין איוב׳ס צייטען און אין דעם געדאַנק פון יענע טעג געהאַט אַ וויכ־טיגערע בעדייטונג, איידער אין אונזערע איצטיגע צייטען. „פרום“ האָט יעמאָלט געהייסען ניט נאָר גלויבען אין גאָט און אָבהיטען אַלע פאָרשריפטען פון דעם רעליגיעזען קולט, ווי תפילות, קרבנות און מנהגים. „פרום“ איז געווען יעמאָלט אייננ צונויפגעבונדען מיט „גוט“; מאָראַל און מעשים טובים — צונויפגעשמאָלצען אין איי־נעם מיט גאָטס־פאַרכטיגקייט אָדער דעם גלויבען אין גאָט, וואָס איז דער מקור פון מאָראַל און גערעכטיגקייט. נאָר דער, וואָס גלויבט אין גאָט, קאָן האַלטען פון גערעכטיגקייט און מאָראַל, און — „אָמר נבל בלבו: אין אלהים“, עס זאָגט דער שאַלקהאַפטיגער אין זיין האַרצען: ס׳איז ניטאָ קיין גאָט“. אָנווייזענדיג דעם שטן אויף איוב׳ן, האָט גאָט דעריבער ניט דערפון געקליבען נחת, וואָס איוב ברענגט איהם קרבנות אָדער זינגט איהם הללויה׳ס, נאָר וואָס עס איז דאָ אויף דער וועלט אַ לעבעדיגע פערקערפערונג פון אַ מאָראַליש־ריינער נשמה, אַ דורך־און־דורך עהרליכע און גערעכטע האַרץ.

דער שטן אָבער ווערט זעהר וועניג נתפעל פון מענשליכע רייני־קייט און עהרליכקייט. מיט זיין פעסימיסטישען בליק אויף דער מענשליכער נשמה דערזעהט ער אויף דעם גרונד פון דער העכסטער פאָלקאָמענהייט דעם היילען נאַקעטען עגאָאיזם. אומזיסט איז איוב מאָראַליש? עס געהט איהם גוט. זאָל די טוגענד זיך אויפהערען צו בעצאָהלען און אַפילו אַן איוב וועט זיך אָבזאָגען פון איהר.

גאָט גיט די ערלויבענים צו מאַכען אַן עקספּערימענט, און איוב פערליערט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט: די זיהן, און די טעכ־טער, און די פיה, און דעם גאַנצען רייכטהום. אָבער דאָס האָט ניט איבערגעביטען איוב׳ס האַרץ. ריין און גאָט־ערגעבען איז זי געבליעבען ווי פריהער. ביי אַ צווייטער צונויפקונפט מיט גאָט, ווייזט דער שטן אַרויס, אַז איוב׳ס ריינקייט פון זינד איז נאָך ניט קיין בעווייז אַנטקעגען זיין, דעם שטן׳ס, עגאָאיסטישע דערקלעה־

רונג פון טוגענד. דעם מענשען׳ס עגאָאיזם זיצט א סך טיעפער, איידער מען מיינט. מען קאָן אַלץ מקריב זיין פאַר אַן אידעאַל און פּרינציפּ, אָבער ניט דעם אייגענעם גוף. ער זאָגט: „א פעל פאַר א פעל, און אַלץ וואָס דער מענש האָט, וועט ער אוועקגעבען פאַר זיין אייגען לייב, אָבער שטרעק נאָר אוים דיין האַנד און ריהר אָן זיין אייגען פלייש און ביין — און באַלד וועט ער דיך אָפען פער־שילטען". גאָט וויליגט איין אויף א צווייטען עקספּערימענט און ערלויבט דעם שטן נעהמען זיך פאַר איוב׳ס לייב. דער שטן האָט ארויפגעשיקט אויף איוב׳ן די ערגסטע פיזישע פּלאָג: איוב׳ס גוף איז בעפאַלען געוואָרען מיט א בייזער קרעץ, וואָס האָט איהם גע־צוואונגען צו פערלאָזען דעם מענשליכען ישוב, זיצען אין אַש, און יעדע רגע פיהלען ווי דער וועהטיג פרעסט זיך אַלץ טיעפער און טיעפער אַריין אין איהם. אָבער אויך דאָ איז איוב געבליעבען טריי צו די פּרינציפּען פון זיין ריינער נשמה, ווען אפילו ליידען האָט ער געליטען — איבער די מענשליכע כחות...

און ווען זיינע דריי פריינד, אליפז פון תימן, בלדד פון שוח און צופר פון נעמה, זענען געקומען צו איהם אויסדריקען זייער רחמנות און צו טרייסטען איהם, האָבען זיי אויפגעהויבען זייערע אויגען און ניט געקאָנט איהם דערקענען. „זיי האָבען אָנגעהויבען וויינען אויפ׳ן קול, צוריסען יעדער זיין געוואַנד, געוואָרפען ערד צום הימעל אויף זייערע קעפּ און זענען געזעסען מיט איהם זיעבען נעכט און זיעבען טעג און ניט גערעדט צו איהם א וואָרט, ווייל זיי האָבען געזעהן, ווי זיין וועהטיג איז זעהר גרויס".

זיעבען טעג און זיעבען נעכט זענען זיי געזעסען שטום לעבען איהם! איוב האָט שפּעטער אָפט אין הארץ־רייסענדע קלאָגען גע־שילדערט זיין צער, אָבער קיין איין בילד זיינער, ווי שוידערהאַפט ער זאָל ניט ווירקען אויף אונז, מאַכט ניט אזא טיעפען איינדרוק אויף דעם לעזער, ווי דאָס בילד פון די פיער מענער, וואָס זיצען שטום אין איינעם זיעבען טעג און זיעבען נעכט, און זייערע נשמות הערען זיך איין אין דעם טיעפען־טיעפען וועה. און עס דוכט זיך: אז דער שווערער געמיטה פון זיינע פריינד האָט גענומען זינקען ווי א בליי אין דעם ים פון איוב׳ס צער, זינקען, זינקען, זינקען — זיעבען טעג און זיעבען נעכט! — ביז ער האָט דערגרייכט דעם

גרונט פון זיינע ליידען. און ערשט יעמאָלט, ווען ער האָט אָנגע־ריהרט דעם גרונט, האָט זיך פון איוב׳ס נשמה מיט אַ מאָל ווי אַ דונער אַרויסגעריסען זיין געשריי פון יאוש און צער, זיין „אָרור יום אולד בו!״ — „פערפלוכט דער טאָג, אין וועלכען איך בין גע־באָרען!״ און ווי אַ לאַווא פון אַ וואולקאַן האָט זיך דערנאָך אַ גאַס געטהאָן איוב׳ס קלאָג, וואָס איז לאַנג געווען איינגעהאַלטען אין זיין געמיטה.

וואָס איז געווען דער טיעפסטער גרונד פון איוב׳ס צער? נישיים ניט מעהר, ווי דער פיזישער וועהטאָג, ניט מעהר ווי זיין אייגענע אומגליקליכע לאַגע? האָט ער נאָר זיך געהאַט אין זינען, בעת דער לאַווא־שטראָם פון זיינע קלאָגען האָט פערוואַנדעלט אין אַש ניט נאָר די טרייסט־און מוסר־רייד פון זיינע פריינד, נאָר אויך די יסודות פון דער געטליכער פיהרונג?

די פריינד זיינע האָבען געווים געטראַכט אַזוי. פאַר זיי איז איוב געוועזען אַן אינדיווידועלער פאַל, אַן אויסנאַהמס־אונגליק, און אין זיינע רייד האָבען זיי אַרויסגעהערט ניט מעהר, ווי זיינע אייגענע פערזענליכע יסורים. אָבער פאַר איוב׳ן האָט זיין שיקזאַל געהאַט אַ טיעפערע בעדייטונג, איידער דאָס אייגענע ליידען. אין זיין פערזענליכען פאַל האָט ער דערבליקט דעם גורל פון דעם מענשען איבערהויפּט, און זיין נשמה איז אויפגעציטערט געוואָרען פון דעם שוידערליכען אמת, וואָס האָט זיך פּלוצלונג אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגען. ער האָט אין זיך דערפיהלט ניט דעם איוב, אָט דעם בע־שטימטען ליידענדען יחיד, נאָר דעם מענשען, דאָס שפּיעלבעלע אין די הענד פון דער אַלוועלטליכער מאַכט.

ס׳איז פאַרהאַן אין דער תלמוד׳ישער ליטעראַטור אַ לעגענדע, אַז אין איוב׳ס לייב האָבען זיך אַריינגעקליבען ווערים, וואָס פלעגען פרעסען זיין לעבעדיג פלייש. זיי פלעגען אָפט אַרויסקריכען פון זייערע לעכער און קריעגען זיך פאַר אַ שטיקעל פלייש פון זיין לע־בעדיגען גוף. איוב אָבער פלעגט מאַכען שלום צווישען זיי און אַריינזעצען יעדען איינעם אין זיין גריבעל. אַן ענליכע לעגענדע ווערט אויך דערצעהלט וועגען בודדאה, וואָס האָט אויפגעשניטען זיין אָרם און אַריינגעזעצט אַהין ווערים, וואָס זענען שיער ניט אויסגעגאַנגען פאַר הונגער...

פיי א מאַן פון איוב'ס גייסטיגער אַרט, וואָלט דער אייגענער צער, ווען עס וואָלט באמת געווען ניט מעהר ווי איין איינציגע אויסנאַהמע אין דעם לעבען פון דער גאַנצער מענשהייט, ניט גע־קאָנט אַרויסרופען יענעם געוואַלטיגען פּראָטעסט, מיט וועלכען ער איז אַרויס אַנטקעגען דעם גאַנצען געטליכען פּיהר, און אין איין אָרט גיט ער קלאָר צו פערשטעהן זיינע פריינד, אַז דער שרעק, מיט וועלכען דער אַלמאַכטיגער האָט אָנגעפילט זיין נשמה, שטאַמט ניט פון דעם אייגענעם פערזענליכען ליידען, און ניט פאַר דעם אונגליק פון דער אייגענער פּערזאָן, וועלכע די פינסטערניס האָט אַרומגענומען, פיהלט ער זיך אַזוי דערשלאָגען. *)

מיט איוב'ן האָט פּאַסירט אַ גרעסערער צער. אַ שעהנע, גרויסע, זוניגע וועלט־און לעבענס־אַנשויאונג איז צובראָכען גע־וואָרען ביי איהם: די ליכטיגע, זוניגע וועלט־און לעבענס־אַנ־שויאונג פון דעם יודענטהום פון זיין צייט, וואָס האָט געלעבט אין די הערצער פון זיינע פריינד און אין וועלכע אויך ער האָט גע־גלויבט, ביז איהם איז קלאָר געוואָרען די אַלגעמיינע בעדייטונג פון זיין אייגענעם, פּערזענליכען גורל.

אויף דעם חורבן פון זיין אַלטען גלויבען איז געזעסען איוב, מיט אַ האַרץ פול חושך און שרעק.

יע, ס'איז געווען אַ ליכטיגע, זוניגע וועלט־אַנשויאונג, אַט די, וואָס די נביאים האָבען, שריט פאַר שריט, אויפגעבויט און וואָס איז פאַרטיג געוואָרען אין איהר גאַנצער פּראַכט אין די ער־שטע יאָהרהונדערטען פון דעם צווייטען בית־המקדש. מען קאָן זאָגען, אַז דער גרונד־שטריך פון יענעם יודענטהום איז געווען אַ פריידיגער ענטהוזיאַזם פון דער וועלט, פון דעם לעבען און פון דעם מענשען, און דער ענטהוזיאַזם פלעגט זיך אַזוי אָפט אַרויס־רייסען אין פערליעבטע לויב־געזאַנגען צו דעם איינציגען מקור פון דער וועלטס צויבערהאַפטער פּראַכט, צו איהר בעשאַפער און פיהרער.

לייענט, צ. ב., דעם קאַפּיטעל ק"ד פון תהלים, די וואונדער־

*) אין דעם זיין פערטייטשטע פראָפ. שטייערנאָגעל די פסוקים פון דעם סוף קאַפּיטעל כג: ...שדי הבהילני, כי לא נצמתי מפני חושך ומפני כסה אופל.

בּארע אָדע אויף דער שעהנקייט פון דער וועלט, וואו הימעל און ערד, ים און יבשה, בערג און טהאָל, די גראָז פון פעלד און די פויגלעך צווישען די בלעטער פון די בוימער, די שיפען אויפ'ן ים און די ברילענדע חיות אין וואלד; זון און לבנה און דער מענש מיט זיין אַרבייט ווערען אין קורצע פינקעלנדע שטריכען צונויפ־גענוועבט אין איין איינציגען פרייד־פלאַמענדען וועלטען־בילד! ווי ווילט זיך דאָ אין איינעם מיט דעם דיכטער ארויסיובלען: ווי גרויס זענען דיינע ווערק, אַ גאָט, זיי אַלע האָסטו מיט קלוגשאַפט בעשאַפען! ווי ווילט זיך דאָ צום סוף אין איינעם מיט דעם דיכ־טער אַרויסשרייען דעם זיכערען גלויבען, אַז אויך די מאָראַלישע וועלט פון דעם מענשען וועט ווערען פול „הוד והדר“, גלאַנץ און פּראכט, ווי די גאַנצע נאַטור, — און „די זינד וועלען פערשווינדען און קיין רשעים וועלען מעהר ניט זיין“...

און עס מוז דאָך קומען אַזאַ צייט, ווייל דער וועלטען־גאָט איז אין דער זעלביגער צייט דער גאָט פון צדק און משפּט.

און די וואונדערבּארע ק ל ו ג ש אַ פ ט, די חכמה, וואָס הערשט אין יעדעם פּיצעלע פון גאָט'ס בעשאַף, — ליעגט זי ניט קלאָר אויף דער האַנד פאַר יעדען איינעם? שטעהט זי ניט, די חכמה, אויף אַלע בערגעלעך ביי די וועגען, אין מיטען פון די שטעגען, ביי די טויערן און טיהרען און רעדט זי ניט צו אַלעמען: „אייך, מענשען, רוף איך! מיין שטים איז צו אייך, מענשען־קינדער!“... *) און הערט וואָס זי דערצעהלט: „גאָט האָט מיך בעשאַפען אין דעם אָנהויב פון זיינע וועגען, ווי דאָס ערשטע פון זיינע ווערק פון לאַנג אָן. פון אייביגקייט בין איך געפורעמט, פון גאָר דעם ערשטען אָנהויב פון דער ערד. איך בין געבאָרען, ווען קיין תהום'ען זענען נאָך ניט געוועזן, און ניט קיין וואַסער־קוואַלען. נאָך איידער די בערג זענען אריינגעפעסטיגט געוואָרען, נאָך איידער די היגלען בין איך געבאָרען, נאָך איידער ער האָט לאַנד און פ ל ע י נ ע ן געמאַכט אין די ערשטע ערד־מאַסען פון דער וועלט“. „בעת ער האָט דעם הימעל צוגעפּאַסט, — בין איך דאָרט

*) משלי, קאַפּ ח'.

געוועזן; בעת ער האָט דאָס געוועלב געמאַכט איבער'ן אָקעאַן, די וואָלקענס אויבען פערשטאַרקט, געקרעפטיגט די קוועלען פונ'ם תהום; און ווען ער האָט דעם גרעניץ פונ'ם ים געזעצט, אַז די וואַסערן זאָלען ניט אַריבער זיין בעפעהל; בעת ער האָט איינגע־פעסטיגט די פונדאַמענטען פון דער ערד,—בין איך ביי איהם געווען ווי אַ קליין קינד, געשפּיעלט פאַר איהם די גאַנצע צייט, געשפּיעלט אויף זיין גאַנצען ערדען־קרייז, געפרעהט זיך מיט די מענשען".

קאָן אַ וועלט, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען אין פריידיגער קלוגשאַפט, זיין אַ טרויעריגע וועלט, אַ מאוסע וועלט, אַן אומגע־רעכטע וועלט?

און דער מענש! דער געליעבטער שפּיעל־חבר פון אַ געט־ליכער חכמה! ווי רייך מוז זיין זיין לעבען, ווי הערליך זיין גורל. „אַז איך קוק אָן דיין הימעל", זאָגט אַן אַנדער אידישער דיכטער, „די ווערק פון דיינע פינגער, די לבנה און די שטערן, וואָס דו האָסט צוגעפּאַסט, — וואָס איז דער מענש, דו זאָלסט איהם האָבען אין זין, אַ מענשען־קינד, דו זאָלסט זיך אָן איהם דערמאָהנען? האָסטו איהם אָבער וועניג געלאָזט פעהלען צו זיין אַ גאָט און מיט כבוד און פּראַכט האָסטו איהם בעקרוינט. מאַכסט איהם הערשען איבער אַלע ווערק פון דיינע הענד; אַלץ האָסטו איהם אוועקגעלעגט צו דיינע פיס." *)

און די זונניגע וועלט, וואָס שטראַהלט מיט לעבען, גליק, שכל און שעהנקייט איז אַ ד י ־ וועלטיגע וועלט. אין גאַנצען פריי איז דער אידישער מאָנאָטעאיזם פון יענער צייט פון אַ וועלכער עס איז יענער וועלט, פון אַ לעבען נאָכ'ן טויט, פון אַ גיהנום און אַ גן־עדן, פון אַ תחית המתים אין די קומענדע טעג. דער טויט איז אַן אמת'ער טויט, אָבער ער וואַרפט ניט קיין שאָטענס אויפ'ן לעבען. זונניג שטראַהלט אויף ער צווישען אַלע ערשיינונגען פון דער וועלט. אַז עס קומט די צייט און דער מענש ווערט אין גאַנצען אויסגע־רייפט, ווי די פאַרטיגע תבואה, ווערט ער אַריינגעבראַכט אין דעם קבר, ווי די גאַרבען אין דעם שייער. **)

---

*) תהלים, קאַפּ. ח'.

**) תבוא בכלח אלי קבר, כעלות גדיש בעתו. איוב ה' 26. אליפז'ס בעשרייבונג פון אַ גערעכטען לעבען.

אמת, דעם גליקליכען לעבען האָט ניט יעדערער, ווייל ניט יעדערער פערדיענט דאָס. גאָט — דער פּרינציפּ פון אייביגער גערעכטיגקייט — בעלוינט דעם צדיק אויף דער וועלט און בע־שטראָפט דעם רשע אויך דאָ. און אויב די גערעכטיגקייט טרעט ניט אריין אין דעם לעבען פון דעם מענשען, בעווייזט זי זיך אין דורות ארום אויף זיינע קינדער און קינדס־קינדער. על כל פנים איז אויסגעשלאָסען, אז איינער זאָל אויף דער וועלט ליידען אומ־זיסט. אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, איז גוט; אַלץ, וואָס עס פּאַסירט מיט דעם מענשען, איז גערעכט, ווייל אויך די מאָראַלישע געזעצען פון דעם וועלט־געשעהען זענען אקוראַט אזוי פעסט איינגעפונדעוועט אין דער וועלט דורך דער געטליכער „חכמה", ווי די גרענעצען פון דעם ים און דער לויף פון די שטערען.

אָט דאָס איז אין איהרע הויפּט־שטריכען געווען די וועלט־און־לעבענס־אנשויאונג פון דעם אידישען מאָנאָטעאיזם, אין וועל־כע איוב האָט פריהער געגלויבט, אין וועלכע עס האָבען געגלויבט זיינע פריינד.

ווי קאָן איוב'ס גורל דערקלעהרט ווערען פון דעם שטאַנד־פונקט פון אזא וועלט־אנשויאונג? וואו קאָן ליגען די סבה פון זיין אויסערגעוועהנליכען אומגליק? ניט אַנדערש, איוב האָט זיך פ ע ר ז י נ ד י ג ט, אפשר אומבעוואוסט פאַר זיך אליין, — דאָס האָט געמוזט זיין דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז ארויף אויפ'ן זין איוב'ס פריינד. פריהער צאַרט און מיט רחמנות צו זיינע ליידען זאָגט אליפז ארוים דעם ערשטען חשד: „דערמאָהן זיך נאָר, ווער, אַ ריינער, איז פערלאָרען געגאַנגען, וואו זענען גע־רעכטע פערטיליגט געוואָרען?" און ווי קאָן אַ מענש זיין אין גאַנ־צען ריין פאַר גאָט, וואָס פאָדערט אַ מאָראַלישען דין וחשבון אפילו פון זיינע מלאכים?

אליפז ברענגט איהם דערביי שוין אַ טרייסט, אז גאָט שטראָפט, כדי אָבצוּאוועגדען דעם מענשען פון זינד, וויעדער אויפ־צוריכטען די צושטערטע גערעכטיגקייט און וויעדער אריינצוּנעה־מען דעם בעל־תשובה אין דעם זוּניגען לעבען. דאָרטען ווערט וויעדער געשלאָסען פריעדען צווישען איהם און דער גאַנצער נאַטור,

און זיין לעבען צייטיגט זיך אויס, ווי די תבואה אין פעלד, און ענדיגט, ווי א גארב, אריינגעבראכט אין שייער צו איהר צייט.

אָבער איוב פיהלט אין זיין אייגענעם הארצען, אז ער האט זיך מיט קיין זאך ניט פערזינדיגט, אז זיינע ליידען האט ער ניט פערדיענט, און אז אליין דער פאקט פון ניט פערדיענטע ליידען, וואס מוזען דאך צוגעשריעבען ווערען צו דעם גרויסען אלמאכטיגען גאט, גראבט אונטער, ווען מען טראכט זיך טיעפער אריין, אלע יסודות פון דער זונניגער, ליכטיגער וועלט־אנשויאונג. דער חשד וועגען די ריינקייט פון זיין נשמה בעליידיגט איהם. ער פיהלט אין דערינען נאך א נייעם קוואל פון נייע, ניט פערדיענטע ליידען, און זיין פּאלעמיק אנטקעגען די פריינד ווערט אלץ העפּ־טיגער און שטורמישער, — ביז ער וויל שוין גאר ניט רעדען מיט זיי און זיינע טענות שליידערט ער דירעקט דעם אלמאכטיגען אין געזיכט.

זיין קאמפּף מוז ער פיהרען אויף צוויי פראָנטען: מיט די פריינד און מיט גאט. די פריינד דארף ער צווינגען, זיי זאלען מודה זיין, אז ער איז אונשולדיג, און אז זייער ראָזעווער אָפּטימיסטישער לעבענס־בליק האט ניט קיין יסוד. מיט גאט קעמפּפט ער, פאר וואס ער, גאט, איז אזא ווי ער איז...

אויף אלע חשדים, וואס די פריינד ווארפען ארויף אויף איהם אין אלץ העפטיגערע רייד, האט ער נאר איין ענטפער: „איך בין אונשולדיג! מיך ארט ניט מיין לייב. ס'איז מיר פער'מאוס'ט מיין לעבען". „ביז וואנען", פרעגט ער אין אן אנדער אָרט, „וועט איהר פאר'צער'ען מיין נשמה און מיך צומאלען מיט אייערע רייד? שוין א מאל צעהן, ווי איהר בעשימפּט מיך, און שעהמט זיך ניט מיך צו בע'עולה'ן!" *) און ביז צו דעם סוף פון דעם דיספּוט קאן ער ניט אויסוואָרצלען פון זייער הארצען דעם חשד, אז אויב ער האט ניט געזינדיגט אין זיין פּריוואט־לעבען, האט ער אפשר בע־גאנגען א פערברעכען אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען, ווי א פירסט און א הערשער איבער מענשען. גאר צום סוף פון זיין דיספּוט מוז נאך איוב ארויסטרעטען מיט זיין מאָראלישען „אני־

*) יט, 1—2.

מאמין" און דעם בעווייז פון זיין ריינער זיטליכקייט. ער רופט גאָט פאר אַן עדות, אַז סיי אין פּריוואַט־לעבען, סיי אין געזעל־שאַפטליכען לעבען, סיי אין דעם ריינעם מאָנאָטהעאיזם האָט ער קיין מאָל ניט אריבערגעטראָטען די פאָדערונגען פון דער מאָראַל, וואָס זענען אין דער זעלביגער צייט די פאָדערונגען פון גאָט.

יע, די היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג פון רעליגיעזען גלויבען און מאָראַל האָט אפילו אַן איוב־גייסט ניט געקאָנט צורייסען. אין איינעם מיט זיינע פריינד גלויבט ער, אַז די מאָראַל שטאַמט פון דער געטליכקייט און זעהט אין איהר „אַ טהייל פון גאָט אין הימעל און אַן ארב פון דעם אַלמאַכטיגען אין דער הויך". אין זיין איבערגעבענקייט צו גאָט האָט ער, איוב, ניט געקאָנט זיין אונ־מאָראַליש. אויב ער וואָלט, צ. ב., געטראָטען מיט די פיס דאָס רעכט פון זיין קנעכט און זיין דיענסט, ווען זיי שטרייטען מיט איהם, — וואָס וואָלט ער דען געטהאָן, ווען גאָט וואָלט איהם גע־פאָדערט צום ענטפער? וואָס וואָלט ער געקאָנט ענטפערן? „דער וואָס האָט איהם בעשאַפען אין דעם מוטערלייב, האָט דאָך אויך מיך געמאַכט. ער איינער האָט דאָך אונזביידען צוגעפּאַסט אין דעם מוטערשויס" *) אָדער: „ווען איך זאָל האָבען בעטראַכט דעם ליכטיגען שיין פון דער זון, און די לבנה ווי זי געהט אַזוי פּרעכטיג, און מיין הארץ וואָלט אין דער שטיל זיך בענאַרען גע־לאָזט, און מיין האַנד וואָלט איך געפיהרט צו דעם מויל, צו אַ קוס, — וואָלט דאָס אויך געוועזען אַ שטראָפּבאַרע זינד, ווייל איך וואָלט געלייקענט אין גאָט, וואָס אין הימעל". **)

די שטעלע איז זעהר אַ מערקווירדיגע, און איך וויל, איהר זאָלט זי גוט נעהמען אין אויג. אין דעם גאַנצען קאַפּיטעל, — דעם שלום־קאַפּיטעל פון זיינע רייד, — בעשרייבט ער זיינע פרומע לעבענס־פּרינציפּען, זיין סעקסועלע ריינקייט אין פּריוואַט־לעבען, — „ברית כרתי לעיני ומה אתבונן על בתולה", — זיין אבסאָלוטע גערעכטיגקייט אין סאָציאַלע בעציהונגען און נאָר איין מאָל, ווי פאַרבייגעהענדיג, דערמאָהנט ער אויך די פאָדערונג — צו

---

*) הוא בבטן עשני עשהו, ויכוננו ברחם אחד. קאַפּ. ל"א, 16.

**) קאַפּ. ל"א, 29. גם הוא עון פלילי, כי כחשתי לאל ממעל.

בלייבען טריי דעם גלויבען אין איין־איינציגען גאָט, — „ווייל דאָס וואָלט אויך געווען אַ שטראָפבאַרע זינד".

ס'איז קלאָר, אַז די גאָטס־פאַרכטיגקייט, וועגען וועלכער עס ווערט גערעדט אין איוב, איז אין איהר תוך אַריין די מאָראַ־לישע עהרליכקייט און ניט די רעליגיעזע, אָדער קאָנפעסיאָנעלע, פרומקייט. אָבער די מאָראַלישע עהרליכקייט איז, ווי איך האָב שוין בעמערקט, אויך פאַר איוב'ן צונויפגעבונ־דען מיט דעם גלויבען אין גאָט און זיין צדק ומשפט. און פון דעם שטאַנדפונקט פיהלט איוב, אַז ער האָט זיך מיט גאָר ניט פער־זינדיגט אַנטקעגען גאָט, אַז זיינע ליידען זענען ניט פערדיענט און ער פיהרט אַ פערצווייפעלטען קאַמפף אַנטקעגען זיינע פריינד, כדי ארויסצושלאָגען פון זיי דעם לעצטען ספק וועגען דעם.

פון דעסטוועגען דאַרף מען ניט מיינען, אַז פאַר איוב'ן אַליין איז דער פונקט אַזוי וויכטיג. געוויס האָט ער אַ בעדייטונג אויך פאַר איהם, און דער טיעפער בעוואוסטזיין פון זיין אונשולד איז געווען דער ערשטער פאַקט, וואָס האָט איהם אַרויפגעטריעבען אויף זיין רעוואָלוציאָנערען געדאַנקען־גאַנג, און איז געבליעבען איינער פון די וויכטיגסטע אַרגומענטען אין זיין בעווייז־פיהרונג. אָבער, ווי מיר וועלען באַלד זעהן, איז דער פונקט ניט דער וויכטיגסטער. ער האָט געקעמפפט פאַר איהם אַזוי האַרטנעקיג, ווייל ער איז דער צענטראַל־פונקט אין די טענות פון די פריינד, ווייל אויף איהם הענגט זייער גאַנצער גלויבען אין דעם לעבענס־פריידיגען מאָנאָ־טעאיזם: זאָל איוב באמת זיין אונשולדיג, איז יעמאָלט אַ סוף צו גאָט'ס גערעכטיגקייט, אַ סוף צו דער גאַנצער זונניגער וועלט, וואָס האָט זיי געוואַרעמט און געלויכטען, אַ סוף צו דעם גלויבען אין אַן אייביגער מאָראַל, וואָס הערשט אין דער וועלט, ווי די נאַטור־געזעצען.

„דו", שרייט אויס בלדד, „וואָס דו פערצוקסט דיין לייב אין דיין גרימצאָרן. זאָל פון דיינטוועגען די וועלט פערלאָזען ווערען, זאָל דער פעלז אַ ריס געטהאָן ווערען פון זיין אָרט? *) די פריינד קאָנען ניט צולאָזען קיין אויסנאַהם אין דעם וועלט־געשעהען צו־

*) טורף נפשו באפו, הלמענך תעזב ארץ ויעתק צור ממקומו. יח, 4.

ליעב איוב׳ן. מיט צאָהלרייכעביישפּיעלען אויף צאָהלרייכע אופנים, דורך די ערפאַהרונג און דורך די קלוגשאַפט פון די על־טערן, זעהען זיי מיט אַלע כחות צו בעווייזען, אַז דער וואָס פיהרט אַ גערעכטען לעבען, איז אויך גליקליך, און דער וואָס איז אונ־גליקליך, האָט דאָס פערדיענט. איוב׳ס ליידען איז אַ סימן אויף זיינע זינד, ווייל די גערעכטיגקייט שטעהט פעסט אין דער וועלט, ווי אַ פעלז.

אָבער איוב האָט שוין לאַנג פערלאָזען די זונניגע וועלט־אַנ־שויאונג. מיט האַממער־שלעג האָט ער זי צושמעטערט, די זיסע, פריידיגע, רעליגיעזע טראַדיציע, און זיין גייסט טראָגט זיך אַרום אין „פינסטערניס, בעשאָטענט מיט טויט" און זוכט נייע וועל־טען, — שטורעמט אָן אויף גאָט.

„די אַלע זאַכען", זאָגט ער צו זיינע פריינד, וועלכע ער רופט שוין: „ליעגען־שמיערער און פאַלשע רופאים", „האָט שוין מיין אויג געזעהן, מיין אויער געהערט און האָט דאָס בעטראַכט. אַזוי קלוג ווי איהר, בין איך נאָך אויך, איך פאַל ניט אַראָב פאַר אייך, אָבער איך וועל רעדען צו דעם אַלמאַכטיגען, מיט גאָט וועל איך האָבען אַ ויכוח". *)

און אָנהויבען הויבט ער אָן מיט דער טיעפער, אומברחמנות־דיגער, האַרץ־צורייסענדער קריטיק פון דער זונניגער וועלט־און־לעבענס־אַנשויאונג, מיט דער קריטיק פון דעם מענשען און זיין לעבען אויף דער וועלט, וואָס פון איהר, — דער קריטיק, מיין איך, — הענגט אויך אָב די קריטיק פון דער מאָראַל און ממילא אויך די קריטיק פון גאָט.

אויב די אַלטע וועלט האָט געמאַכט אַזאַ גרויסען וועזען פון דעם מענשען, וואָס איהם פעהלט נאָר אַ ביסעלע צו זיין אַ גאָט, איז ער פאַר איוב׳ן אַ קליינינקער, קליינינקער, שטערבליכער ווע־רעמעל. כמעט מיט די זעלבינע ווערטער, וואָס אין תהלים, אָבער מיט אַ גאַנץ אַנדער אויסטייטש אין געפיהל רופט אויך איוב אויס: „מה אנוש, כי תגדלנו, וכי תשית אליו לבך!" „וואָס איז דער

---

*) קאַפּ. ז׳, 17.

מענש, וואָס דו האָלסט פון איהם אַזוי פיעל און דו טראַכסט וועגען איהם שטענדיג?" *)

אין דער בעטראַכטונג פון דעם מענשען און זיין גורל אויף דער וועלט, איז איוב אַן אינדיווידואַליסט. ער ווייס נאָר פון דעם איינצעל־מענשען און פון דער קליינינקער צייט, וואָס ער פער־ברענגט אויף דער וועלט. די קינסטלעריש רוהיגע, די עסטהע־טישע צופריעדענהייט מיט דעם טויט, וואָס איז געווען אין דעם אַלטען גלויבען, איז ביי איוב'ן פערשוואונדען. פאַר איוב'ן הייסט „געשטאָרבען" — ניט „אריינגעבראַכט אין שייער, ווי אַ צייטיגע גאַרב", נאָר: אויף אייביג פערלאָזען די וועלט. „ווי אַ וואָלקען, וואָס פערשווינדט און פערגעהט, אַזוי קומט ניט ארויף צוריק דער, וואָס געהט אין שאול. קיינמאָל וועט ער ניט קומען צוריק אין זיין הויז, קיינמאָל וועט ער ניט זעהן זיין פריהערדיגען אָרט". **)

די שטערבליכקייט פון דעם מענשען איז פאַר איוב'ן שוין גאָר ניט קיין פריידיגע מעלה. אדרבה! זי שטעלט איהם אין דעם פונקט אוועק נאָך ניעדעריגער, איידער די פלאַנץ. „אַ בוים האָט נאָך אַ האָפענונג; ווערט ער אָבגעשניטען, קומען נייע שפּראָ־צען און זיין זוויגלינג געהט ניט צו גרונד. זאָל אפילו זיין וואָר־צעל אין דער ערד אַלט ווערען, זאָל זיין שטאַם טויט ווערען אין שטויב, — פון וואַסער־דונסט הויבט ער ווידער אָן בליהען, און טרייבט צווייגען ווי נאָר וואָס געפלאַנצט. אַ מאַן אָבער שטאַרבט און ליעגט אָהן כחות; פערגעהט אַ מענש, איז — וואו איז ער?... ער לעגט זיך אוועק און שטעהט ניט אויף. ביז די הימלען וועלען אויפהערען, וועלען זיי ניט ערוואַכען". ***)

און מיט אַזאַ אָרעם, שוואַך ווערעמעל פיהרט גאָט זיינע חשבונות, רעכענט זיך מיט איהם: געזינדיגט? ניט געזינדיגט? ער, דער אַלמאַכטיגער, פון וועמען אַלץ שטאַמט אָב, וואָס בעשטימט יעדען שריט פון דעם מענשען, וואָס איז ממילא, אין דער לעצטער שורה, אויך די סבה פון די מענשליכע זינד, — ע ר האָט נאָך

*) קאַפּ. י"ג אין אָנהויב.
**) קאַפּ. ז', 9—10.
***) קאַפּ. י"ד, 7—13.

טענות און פאָדערונגען צו דעם מענשען! אין טיעף דורכגעוועה־טיגטע ווערטער, וואָס ברענגען זיך נאָך עד היום אריין אין׳ם האַר־צען, אנטפּלעקט איוב דעם אַלמאַכטיגען די גאַנצע עולה פון זיין געטליכען יושר.

„אדם, ילוד אשה, קצר ימים ושבע רוגז". „דער מענש, פון אַ ווייב געבאָרען, קורץ אין טעג, געזעטיגט מיט שווערער אומרוה. ווי אַ בלום געהט ער אויף און פערוועלקט, פערפליהט ווי אַ שאָטען, און האָט ניט קיין בעשטאַנד. און אויך אויף אַזאַ האָלסטו אָפען דיין אויג, און אויך איהם שלעפּסטו צום משפּט מיט דיר... און אויב זיינע טעג זענען פעסט ביי דיר בעשטימט, אויב ביי דיר איז די צאָהל פון זיינע חדשים, אויב דעם אייביגען גאַנג פון זיין לע־בען האָסטו בעשאַפען און ער קאָן איהם ניט אריבערשפּרייזען, איז — לאָז אָב ביז ער פערשווינדט, לאָז איהם, ווי אַ טאָג־אַר־בייטער, זיין צופריעדען מיט זיין טאָג". *)

אָבער גראָד אָט די רחמנות צו דעם מענשען, צו דעם שוואַכען, שטערבליכען בעשאַף פעהלט ביי דעם אויבער־שטען. ער האָט זיך אָנגעזעצט אויף דעם מענשען און פערצאַמט איהם אַלע וועגען. „ווי אַ באַרג וואָס פאַלט צונויף, ווי אַ פעלז ארויסגעריסען פון זיין אָרט, ווי אַ וואַסער, וואָס צורייבט שטיי־נער, ווי אַ שלאַקס־רעגען, וואָס שווענקט אַראָב דעם שטויב פון דער ערד, האָסטו אַ תל געמאַכט פון דעם מענשען׳ס האָפען. אויביג בעוויייזסטו אויף איהם דיין געוואַלט און — ער פערגעהט". ס׳איז ניט קיין ענטפער, אַז דעם מענשענ׳ס לעבען פערשווינדט ניט מיט איהם, אַז ער לעבט נאָך ווייטער אין זיינע קינדער. דער מענש איז אַן איינצעל־מענש. איז מיט איהם אוים, איז אַלץ אוים. „קומען זיינע קינדער צו כבוד — ער ווייס דאָס ניט; זינקען זיי אַראָב, איהם בלייבט דאָס אומבעקאַנט. נאָר איבער זיין לייב טהוט איהם וועה און נאָר איבער זיין נשמה איז ער פול מיט טרויער". **)

דער אַלטער, זוננינ־פריידיגער בליק אויף מענש און וועלט

*) קאַפּ. י״ד, 1—6.
**) ד. ג.

בויט, ווי מיר האָבען געזעהן, פיעל אויף דער געטליכער חכמה. קלאָר ליעגט זי פאַר יעדען איינעם, אַ שפּיעל־חבר איז זי מיט דעם מענשען. אין דער דערקענטנים פון גאָטס וואונדערליך שעהנע מעשים דרינגט ער, דער מענש, אריין ביז צו די טיעפסטע גע־דאַנקען פון גאָט'ס שכל און איז כמעט ווי אַ שותף אין די מעשה בראשית, איהם פעהלט כמעט נאָר אַ ביסעל צו גאָט. אָבער, פרעגט איוב: איז אָט דער גלויבען אין דער אָפענקייט פון גאָט'ס חכמה פאַר דעם מענשען עפּעס מעהר ווי אַן איללויזיע? קאָן דער מענש באמת זיך אַראָבלאָזען ביז צו דעם גרונט פון דעם געטליכען גע־דאַנק? איוב לייקענט ניט, אַז דער מענש איז אריינגעדרונגען אין די טיעפסטע פינסטערניסען פון די בערג, כדי אַרויסצושלעפּען פון דאָרטען — מעטאַלען און עדעל־שטיינער, אָבער — ביי זיין גאַנצער הערשאַפט איבער דער נאַטור, האָט ער ניט אָבגעדעקט דעם שלייער פון דעם געטליכען שכל. דער גאַנצער קאַפּיטעל, אין וועלכען איוב רייסט אראָב די קרוין פון דעם מענשען'ס קאָפּ, דעם שטאָלץ פון זיין דערקענטנים, איז אזוי שעהן געשריעבען, אזוי מ אָ ד ע ר ן  געטראַכט, אַז מיר ווילט זיך איהם ברענגען כמעט אין גאַנצען: *)

„ס'איז דאָ אַ געפין־אָרט פאַר זילבער, אַן אָרט, וואו מען קאָן אויסוואַשען גאָלד. אייזען ציהט מען אַרויס פון דער ערד; פון שטיינער ווערט געשמאָלצען מעטאַל. אַן ענד האָט ער (דער מענש) געמאַכט צו דעם חושך און ביז צום לעצטען גרעניץ האָט ער אויס־געפאָרשט די שטיינער פון פינסטערנים און טיעפען טונקעל... פון דער ערד ציהען מיר ברויט־קערנער אַרויס... דעם סאַפּיר געפינען מיר אין זיין שטיין, געמישט מיט גילדערנעם שטויב, אויף אַ וועג, וואָס איהם קען ניט דער אָדלער, וואָס דעם גייער'ס אויג האָט קיין מאָל ניט געזעהן, וואָס קיין שטאָלצע חיה איז ניט געגאַנגען אויף איהם, און וועלכען דער לייב האָט קיין מאָל ניט בעטראָטען. אויף דעם קיעזעל־שטיין לעגט ער זיין האַנד, קעהרט אום בערג מיט דעם וואָרצעל אַרויף. אין שטיינער האַקט ער דורך אַ טונעל און אַלערליי

*) דער טעקסט איז אין אייניגע שטעלען דורכאויס פערדאָרבען און מען קאָן פון זיי ניט אַרויסברענגען קיין קלאָרען זין.

פרעכטיגקייטען האָט געזעהן זיין אויג. די קוואַלען פון שטראָמען פאָרשט ער אויס און דאָס פערבאָרגענע ברענגט ער אויף דעם ליכ־טיגען שיין"...

„אָבער די חכמה, וואו געפינט מען זי? און וואו איז דער געפין־אָרט פון דער דערקענטניס? קיין מענש וויים ניט דעם וועג צו איהר, *) מען קאָן זי ניט געפינען אין דעם לאַנד פון די לעבע־דיגע. דער תהום זאָגט: „ניט אין מיר איז זי" און דער ים זאָגט: „אויך ביי מיר ניטאָ". מען קאָן זי ניט קויפען פאַר גין־גאָלד, ניט אָבוועגען פאַר איהר דעם פּרייז אין זילבער. זי לאָזט זיך ניט אויסגלייכען מיט אופיר־גאָלד, ניט מיט דעם טהייערסטען שוהם און סאַפיר... די חכמה! פון וואַנען קומט זי? וואו איז דער געפין־אָרט פון דער דערקענטניס? פערדעקט איז זי פאַר יעדעם לעבעדיגע אויג, פון די פויגלען פון הימעל פערבאָרגען. אפילו דער אָבגרונט און דער טויט זאָגען: „מיט אונזערע אויערן האָבען מיר עפּעס געהערט פון איהר". נאָר גאָט וויים דעם וועג צו איהר. ער וויים איהר געפין־אָרט"...

ער, גאָט, וויים און לאָזט דעם מענשען אין פינסטערניס. אָבער אויב די „חכמה", די לעצטע פּרינציפּען פון דעם וועלט־בעשאַף, זענען פאַר אונז פערדעקט, — וואו נעהמט מען יעמאָלט די זיכער־הייט, אַז גאָט'ס וועגען זענען געבויט אויף גערעכטיגקייט? און אויב ביי דער בעטראַכטונג פון דער נאַטור מוזען מיר בלייבען שטעהן אָהן אַן ענטפער, ווייל מיר קאָנען ניט אריינדרינגען אין דעם געטליכען געדאַנק, וואָס האָט זי ארויסגעבראַכט, האָבען מיר דאָך אַ וועלט פאַר אונז, וואָס איהרע יסודות זענען אַזוי קלאָר: די וועלט פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. וואָס טהוט זיך דאָ מיט דער געטליכער גערעכטיגקייט? ווי ווירקט גאָט אין דעם לעבען פון די מענשען?

דער אמת, וואָס אנטפּלעקט זיך דאָ פאַר איוב'ס אויג, פּילט איהם אָן מיט אַזאַ שרעק, אַז ער שרייט אויף, ווי פון אַ פייל געטראָפען. „קומט אהער, איהר וועט פערשטיינערט ווערען...

---

*) לויט דער גריעכישער איבערזעצונג דאַרף מען לייענען „דרכה" אָנשטאָט „ערכה".

דערמאָהן איך מיך וועגען דעם, ווער איך אַ פערציטערטער; אַ שוידער געהט דורך דורך מיין לייב. פאַר וואָס בלייבען לעבען די רשעים, ווערען אַלט און שטאַרק אין קראַפט?... *) „זיי צור־שטערען די גרענעצען. זיי רויבען די פיה־העררען און זייערע פיטערער. דעם יתום'ס אייזעל פיהרען זיי אַוועק, דער אַלמנה'ס אָקס נעהמען זיי אין משכון. די אָרימע שטויסען זיי אַראָב פון וועג. די עלענדע מוזען זיך בעהאַלטען... אויף דעם פעלד פון דעם רשע מוזען זיי בעזאָרגען זיין שניט, אין זיין וויינגאָרטען צונויפקלייבען די טרויבען. נאַקעט ליגען זיי ביינאַכט, אָהן קליידונג, אָהן אַ צודעק אין דער קעלט. אין די בערג טריעפען זיי פון רעגען, און אָהן אַ שוץ, קלאַמערן זיי זיך אַרום דעם פעלז. נאַקעט געהען זיי אַרום, און הונגערענד טראָגען זיי די גאַרבען. צווישען די מויערן פרעסען זיי דעם אויל, זיי טרעטען דעם ווייַן אין קעלער און אַליין מוזען זיי אויסגעהן פאַר דאָרשט. זיי קרעכ־צען אונטער זייער האַרטען דיענסט, אָבער — — — גאָט הערט ניט זייער געבעט". **)

גאָט העלפט ניט די גערעכטע, די אונשולדיג פערפאָלגטע. שטראָפט ער, לכל הפחות, די רשעים? אויך דאָס ניט. „זייערע קינדער שטעהען פעסט פאַר זיי... זיי זינגען הויך ביי פויקען און פידלען און פרעהען זיך ביי דעם קלאַנג פון דער האַרף. אין גליק פערברענגען זיי זייערע טעג, אין פריעדען געהען זיי אַראָב אין שאול, און זאָגען דאָך צו גאָט: „אַוועק פון אונז. פון דיינע וועגען ווילען מיר נישט וויסען". ***)

זאָל מען זיך טרייסטען מיט דעם גלויבען, אַז גאָט וועט זיך דערפאַר אָברעכענען מיט זייערע קינדער? „אָבער וואָס זאָל איהם, דעם רשע, אַהרען זיין הויז נאָך זיין טויט, ווען די צאָהל פון זיינע חדשים איז צו ענד?" ממילא קאָן קיין רייד ניט זיין פון גאָט'ס גערעכטיגקייט אין דער געזעלשאַפט. ער האָט זיינע דרכים, וואָס

---

*) קאַפּ. כ"א, 5—7.

**) קאַפּ. כ"ד, 2—12. אָנשטאָט: ואלוה לא ישים תפלה (טיפלאָ), דאַרף מען לייענען: ואלוה לא ישמע תפלה (טפילאָ).

***) קאַפּ. כ"א, 8—14.

זענען זעהר ווייט פון יושר. „דער שטאַרבט אין דעם פולסטען גליק, אין גאַנצען רוהיג און זיכער... און דער אַנדערער שטאַרבט אין אַ ביטער געמיט און האָט קיין מאָל פון גוטס ניט גענאָסען. אין איינעם לעגען זיי זיך אין דעם שטויב, און ווערים בעדעקען זיי ביידען". *)

אָבער, ווען אפילו עס וואָלט געקאָנט בעוויזען ווערען, אַז אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און אין דעם לעבען פון דעם מענשען בכלל הערשט דער שטרענגסטער יושר, וואָלט דאָס אויך ניט בעפריעדיגט איוב'ן. איוב איז שוין אריבערגעוואַקסען יענע מאָראַליש־רעליגיעזע אַנשויאונג, וואָס האָט איהר העכסטען פּרינ־ציפּ געזעהן אין דער גערעכטיגקייט און ממילא אויך די העכסטע מעלה פון גאָט אין זיין יושר, אין זיין „אמת וצדק". אַ נייער מאָראַלישער פּרינציפּ טראָגט זיך פאַר זיינע אויגען: דער ריינער „ואהבת" אָהן אַ שום בעדינג, אָהן אַ שום פערדיענסט פון דעם, וואָס מיר ליעבען: רחמנות, גרענצלאָזע ליעבע, גענאָד און מחילה פאַר דעם מענשען, וואָס ער זאָל ניט האָבען געטהאָן, ווי ער זאָל ניט האָבען געזינדיגט. גענאָד און דערבאַרמונג פאָדערט ער פון זיינע פריינד, וואָס פערביטערן זיין געמיטה, דעם שוין פער־ביטערטען, מיט דעם שטענדיגען דערמאַהנען פון זיינע זינד און זיין פערשולדיגונג. „האָט רחמנות אויף מיר! האָט רחמנות אויף מיר, מיינע פריינד", שרייט ער אויס אין אַ שטעל, „ווייל מיך האָט געטראָפען גאָט'ס האַנד. פאַר וואָס פערפאָלגט איהר מיך, ווי גאָט, און ווערט ניט זאַט פון פייניגען מיין פלייש". **)

און מיט דעם נייעם פּרינציפּ פון דער מאָראַל וואַקסט אין איהם אויס אַן אומבעוואוסטע בענקשאַפט נאָך אַ נייעם אידעאַל פון גאָט. ליעבע און גרענצלאָזע גענאָד וואָלט אויך לאָגיש בעסער געפּאַסט צו גאָט'ס אַלמאַכטיגקייט, איידער יושר און משפט. מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, ווי משונה דאָס קומט אויס אין איוב'ס אויגען, ווען גאָט פיהרט חשבונות מיט זיין אָרימען בעשאַף, דעם

*) כ"א, 21—26.

**) י"ט, 21—22.

מענשען, וואָס קאָן אין קיין מאָמענט פון זיין לעבען ניט ארויס־
געהן פון גאָט׳ס געוואַלט.

„וואָס איז דער מענש, וואָס דו האַלסט איהם אזוי גרויס און
וואָס דו האָסט איהם שטענדיג אין זין? און דערמאָהנסט זיך
אָן איהם יעדען פריהמאָרגען און יעדע רגע פּרובסטו איהם אויס...
איז האָב איך געזינדיגט, וואָס קאָן איך האָבען געטהאָן דיר, דו
היטער פונ׳ם מענשען? פאַר וואָס האָסטו מיך געמאַכט פאַר א
ציעל פון דיין אָנפאַל, פאַר וואָס פארגיבסטו ניט מיינע זינד,
שאַפסט ניט אָב מיין פערשולדונג? ווייל אָט באַלד לעג איך מיך
אין שטויב, און זוכסטו מיך, בין איך שוין ניטאָ“. *)

דאָ, ביי דעם העכסטען שטאַפּעל פון איוב׳ס געדאַנק, מוזען
מיר זיך א ווײַלע אָבשטעלען און ציהען דעם סך־הכל פון זיינע
בעטראַכטונגען.

עס קאָן איינעם אויסדוכטען, אז די גאַנצע פריינייסטעריי
פון איוב׳ן בעשטעהט, ווי אין דער „ראַדיקאַלעכץ“ פון אונזערע
טעג, אין דעם, וואָס ער רעדט עזות׳קייטען אנטקעגען גאָט. מיט
דעם אונטערשייד, — און דעם גרויסען אונטערשייד, פערשטעהט
זיך, — וואָס אונזער כלומרשט׳דיגער ראַדיקאַל טהוט דאָס, ניט
גלויבענדיג אין די עקזיסטענץ פון גאָט, בעת איוב׳ן איז קיין מאָל
ניט אַרויף אויפ׳ן זינען זי אָבצולייקענען. אָבער דער רעזולטאַט
איז דערזעלביגער: אויפוויי‌זען, אז גאָט איז אומגערעכט, אז ער
פערדיענט דעריבער ניט, מען זאָל איהם „דיענען“, — אָט דאָס,
ווייזט אויס, איז ביידענ׳ס ציעל.

אין דער אמת׳ען איז אזא אויבערפלעכליכער געדאַנק זעהר
ווייט פון איוב׳ס ווירקליך טראַגישען פילאָסאָפירען. ער איז ניט
קיין „פריי־דענקער“; ער איז א פרייער דענקער. ער וויל אויס־
געפינען קודם כל פאַר זיך אליין, אין וואָס בעשטעהט די נאַטור
פון גאָט, וואָס איז זיין שייכות צו דעם מענשען, און וואָס פאַר
א זיכערען פונדאַמענט קאָן דער מענש האָבען פאַר דעם אויפבוי
פון זיין מאָראַל. אויסגעפינען מוז מען דאָס אַלץ מיט דעם אייגע־
נעם שכל.

---

*) קאַפּ. ז, 17—21.

ס'איז מערקווירדיג! אין דער צייט פון אונזער קינדהייט האָבען מיר געגלויבט אין דעם קינדישען גלויבען, אז אַ גאָט האָט זיך געקאָנט אנטפּלעקען פאַר מענשען, רעדען צו זיי, און אליין דערצעהלען זיי וועגען זיין מהות און וועגען זיין נאַטור; אז ער איז אַ שטרענגער גאָט און אַ גערעכטער גאָט און דערגלייכען. מיר האָבען איצטער דעם קינדישען קינדער־גלויבען פערוואָרפען. מיר האָבען דערביי אָבער זיך ניט אוועקגעשטעלט די פראַגע: פון וואַנען זשע דען האָבען אונזערע עלטערן גענומען זייערע פאָרשטעלונגען וועגען גאָט און זיינע אייגענשאַפטען? ערשט ווען מען שטודירט דורך קריטיש די ענטוויקעלונג פון דעם אידישען געדאַנק וועגען גאָט, זעהען מיר, אז די הויפּט־ראָליע אין דער בעשטימונג פון זיינע אייגענשאַפטען האָט ביי די נביאים, די בעשאַפער פון דעם מאָנאָטעאיזם, געשפּיעלט דער פרייער שכל, — פריי פון די הערשענדע טראַדיציעס פון זייער צייט, — אין איינעם מיט די ערפאַהרונגען פון דעם לעבען, און די פערבאָרגענסטע בענקשאַפט פון זייער נשמה נאָך אַן אידעאַלען זיין. און ווען איך זאָג די ערפאַהרונגען פון דעם לעבען, — מיין איך דערמיט יענעם אַלגעמיינעם *איינדרוק*, וואָס דער דענקער בעקומט פון דער נאַטור און דעם מענשליכען לעבען. ווען דער דענקער (לאָז זיין: דער נביא) פערזיכערט אונז, אז גאָט איז אַן אל קנא ונוקם, אַן אייפערזיכטיגער און ראַכע־דאָרשטיגער גאָט, אז ער מאָהנט אויף די זינד פון די פעטער ביי דעם דריטען און פערטען דור, איז דאָס אין תוך אריין אַקוראַט ווי ער וואָלט געזאָגט: „דער איינדרוק, וואָס אויף מיר מאַכט נאַטור און מענשליכער לעבען איז אזא, *אַקוראַט ווי* זיי וואָלטען בעהערשט געוואָרען פון אַ גאָט, וואָס האָט אזעלכע אייגענשאַפטען“. און מיין געוויסען זאָגט מיר, אז אזא גאָט איז אַ גוטער און גערעכטער גאָט. אָבער די דענקער פון אַ מאָל האָבען בשום אופן ניט געקאָנט בעגעהן זיך אזוי קריטיש מיט דעם אייגענעם געדאַנק, זעהן אין איהם נאָר אַ פּראָדוקט פון דעם אייגענעם שכל.

און ווי קאָנען מיר אזא זאַך פערלאַנגען פון זיי, ווען אפילו דענקער און וויסענשאַפטליכע פאָרשער פון דעם נייצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען זיך ניט געקאָנט אויפהויבען צו אזא הויך.

עס איז איצטער שוין כמעט אַלעמען בעקאַנט, אַז בעת די כעמיקער האָבען גערעדט (און רעדען נאָך) וועגען אַטאָמען, איז דער אמת'ער זין פון זייערע רייד געוועזען (און איז נאָך עד היום) אַזאַ: די כעמישע פּראָצעסען שפּיעלען זיך אָב אַזוי, אַקוראַט ווי די סובסטאַנצען וואָלטען בעשטאַנען פון מאַטעריעלע אַטאָמען מיט אַזוינע און אַזוינע אייגענשאַפטען. אָבער וויפיעל כעמיקער האָבען אין פּשטות געגלויבט (און גלויבען נאָך עד היום), אַז דער מאַטעריעלער אַטאָם איז אַן אַבסאָלוטער אמת! די סברה, וואָס האָט זיך געלעגט אויפ'ן שכל, וואָס קאָן אַזוי גוט אַלץ דערקלערען, ווערט ביי אַ וועניג קריטישען גייסט פערוואַנדעלט אין אַן אונצווייפעלבאַרען אַבסאָלוטען אמת.

אין נאָך אַ גרעסערער מאָס האָט דערזעלביגער פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס פון דעם מענשליכען, אין זיך גלויבענדען דענקען, געמוזט זיך אָבשפּיעלען ביי די אידישע אויפבויער פון דעם מאָנאָטעאיזם. דער „געדענכטער און איינציגער אַלמאַכטיגער גאָט" איז געוועזען די בעסטע טהעאָריע, כדי צו דערקלערען נאַטור און מענשען־לעבען, ווייל זי האָט אויפ'ן בעסטען אופן צונויפגעשטימט מיט דעם אַלגעמיינעם איינדרוק, וואָס דער פריי דענקענדער מענש פון יענער צייט האָט פון זיי בעקומען. און ניט קיין קליינע ראָליע, — אפשר גאָר די גרעסטע, — האָבען דערביי געשפּיעלט די פאָדערונגען און אידעאַלען פון דעם אייגענעם געוויסען. עס איז דעריבער פאָר זיי געוועזען אונמעגליך אויף אַ האָר צו זיין מסופק אין דער ריכטיגקייט פון זייער טהעאָריע. גאָט און זיינע בעשטימטע אייגענשאַפטען זענען געוואָרען אַ רעאַלער פאַקט, ווי דער אַטאָם פון דעם וועניג קריטישען כעמיקער פון אונזערע טעג. און מענשען מיט אַ לעבהאַפטער פאַנטאַזיע און צו צאַרטע און צו שטאַרק אָנגעצויגענע נערווען, ווי די נביאים זענען בלי ספק געוועזען, האָבען געקאָנט הערען שטימען און זעהן זעהונגען, וואָס האָבען צונויפגעשטימט מיט זייער גלויבען אין גאָט, — שטימונגען און זעהונגען, וואָס אין זייער רעאַליטעט האָבען זיי אויך ניט געקאָנט צווייפלען. אויף אַזאַ'ן אופן איז אויסגעוואַקסען די „אַנטפּלעקונג", גאָט'ס דירעקטער אויפטראָגען זיך מיט דעם מענשען, און מיט איהר — די זיכערקייט, אַז די מענשליכע געדאַנקען און אידעאַלע פאָרשטע־

לונגען וועגען גאָט זענען איבער־מענשליכע מיטטהיילונגען פון גאָט אליין.

מיר זעהען דאָ איוב'ן אין אַ מאָמענט, ווען ביי דעם אידישען פריי־שאַפענדען געדאַנק האָבען זיך גענומען פאַנאַנדערגעהן די אידעאַלע פאָדערונגען פון דעם הארצען מיט די טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונגען וועגען גאָט, און איוב פיהלט, אַז דער איינדרוק פון נאַטור און מענשען־לעבען שטימט ניט צונויף ניט מיט דער טראַדיציאָן, ניט מיט די נייע פאָדערונגען פון זיין געוויסען. און אין דערין ליעגט די אינווענינגסטע טראַגעדיע פון זיין געדאַנק, די טראַגעדיע פון דער איבערגאַנגס־עפּאָכע, וועלכע האַלט אָן אַזוי לאַנג ביז די פאָדערונגען פון דעם געוויסען וועלען אויפבויען אַ נייעם אידעאַל און אַ גאַנצע וועלט פון גייסטיגע בנינים, וואָס וועלען העלפען צונויפקלינגען די שטים פון דעם נייעם אידעאַל מיט דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון וועלט און לעבען. אָבער דער נייער אידעאַל איז נאָך ניט בעשאַפען.

איוב איז אַ שטאַרקער און פרייער גייסט, ביי וועמען דער אָביעקטיווער אמת שטעהט אויפ'ן ערשטען פּלאַן, ווי ווערט דער אמת זאָל ניט טהאָן דעם הארצען, ווי צובראָכען דערפון זאָל ניט ארויסגעהן די נשמה. דעריבער זעהט ער קודם כל קלאָר ווערען אין דעם זין פון דעם, וואָס ער זעהט מיט זיין אומדערשראָקענעם אויג, אין דעם זין פון יענעם איינדרוק, וואָס ער האָט פון וועלט און מענשען־לעבען.

און דער רעזולטאַט, צו וועלכען ער קומט, איז אַזאַ: עס איז געוויס דאָ אַן אַלמאַכטיגער און אַל־קלוגער גאָט; זיינע וואונדער־ליכע מעשים שטייגען אריבער דעם מענשליכען פערשטאַנד, אָבער עס איז אונמעגליך צו דענקען, אַז צו זיינע אייגענשאַפטען געהערט די מענשליכע גערעכטיגקייט. ער מאַכט ניט קיין נפקא מיניה צווישען דעם צדיק און דעם רשע. איהם אַרט ניט דעם מענ־שען'ס טובה און די גערעכטיגקייט. אַן אַנדער זאַך ליעגט איהם אין זין: די ליעבע צו זיין אייגענער אַל־מאַכט. „רעדט מען וועגען קראַפט פון דעם שטאַרקען, איז ער דאָ; אָבער רעדט מען וועגען גערעכטיגקייט, — זאָגט איוב, —

איז, — „ווער קאָן איהם אויפפאָדערן?". *) דעריבער איז ווענינ צו וויסען, אז גאָט איז גלייכגילטיג צו דעם מענשען'ס גליק. מען דארף געהן נאָך ווייטער. דער איינדרוק פון נאטור און לעבען איז אזא, אז גאָט שפּיעלט זיך מיט דעם מענשען און האָט הנאה פון זיין ליידען. ער פיהרט מלחמה אנטקעגען איהם, בעטראַכט איהם ווי א פיינד. „איך האָב געלעבט רוהיג, האָט ער מיך צור־שמעטערט, ער האָט מיך אָנגענומען פאר'ן גניק און צוברָאכען אויף פּיצלעך. ער האָט מיך אוועקגעשטעלט ווי א ציעל־ברעט פאר זיך, עס שווירבלען ארום מיר זיינע פיילען. אָהן רחמנות האָט ער צושפּאָלטען מיינע ניערען, אויסגענאָסען אויף דער ערד מיין גאַל. א ברעש נאָך א ברעש לעבערט ער אין מיר דורך, שטורמט איין אנטקעגען מיר ווי א קריעגס־העלד" *), כאראקטעריזירט איוב ניט אָהן סארקאזם.

אויב גאָט טהוט דאָס ניט אויס א גרונד, וואָס איז אונז בע־קאנט, קאָן דאָס שטאַמען נאָר פון אן אינווענינגסטער ליעבע צו בייז־טהאָן, אָדער אויס א פּשוט'ען שפּיעל אין מאכט און פון דער הנאה מיט דער אייגענער קראפט. גאָט בעקומט דאָ ביי איוב'ען א דעמאָנישען, טייוועלשען שטריך. על כל פּנים, האָט דער מענש גאָר נישט וואָס צו האָפען פון איהם. אין די צייטען פון אומ־גליק האָט ער ניט וואָס צו זוכען הילף ביי גאָט. ער וועט איהם נאָך אפשר פערמעהרען זיין צער.

„א שפּאָט פאר זיין פריינד", זאָגט איוב, „ווערט דער, וואָס רופט צו גאָט, ער זאָל איהם דערהערען. דעם אונגליקליכען פער־אכט ער, דער שטארקער און זיכערער. א שטויס צו די, וועמעס פוס עס האַלט שוין אין וואנקען! אין פריעדען בלייבען אָבער די געצעלטען פון די רויבער, און עס לעבען אָהן זאָרג די, וואָס דערצערענען גאָט". ***)

טראכט מען זיך אריין אין דער כאראקטעריסטיק פון גאָט,

*) אם לכח אמיץ הנה, ואם למשפט מי יועידני, קאַפּ. ט', 19.
**) ט"ז, 12—15.
***) לויט דעם קריטיש אויסגעבעסערטען טעקס פון קאַפּ. י"ב, 4—6.

וועלכע איוב מאַכט דאָ, בעקומט מען דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט גערעדט צו אונז מיט די ווערטער פון נ י ע ט צ ש ע.

די נאַטור (אָדער גאָט) ווייס ניט פון קיין מאָראַל, פון קיין „גוט" און „שלעכט". די וועלט־סובסטאַנץ האָט נאָר איין גרויסען ווילען, דעם ווילען צו מאַכט. דער מעכטיגער איז דער גערעכטער. און אַקוראַט ווי ניעטצשע, ציהט אויך איוב פון דעם געדאַנק די נויטווענדיגע קאָנסעקווענץ, אַז די מאָראַל אָדער, — וואָס פאַר יענער צייט איז געווען איין־און־דיזעלבינע זאַך, — די רעליגיעזע איבערגעבענקייט צו גאָט, האָט קיין ברעקעל פערנינפטיגען יסוד ניט.

קורץ און קלאָר פאָרמולירט אָט דעם גרונד־געדאַנק איוב׳ס אליהו, יענער נייער דיספּוטאַנט, וועמען אַ שפּעטערדיגער מחבר האָט אַריינגעפיהרט אין דער פּאָעמע. מיט אַ שאַרפען בליק האָט ער אַרויסגעפונען, אַז דער צענטער, אַרום וועלכען עס דרעהט זיך סוף־סוף דער דיספּוט, איז דאָס פּראָבלעם וועגען „גוט" און „שלעכט". „לאָמיר", זאָגט ער, „אויסקלייבען דאָס רעכטע, לאָמיר צווישען אונז אויסגעפינען, וואָס איז גוט... ווייל איוב האָט געזאָגט: איך בין פריי פון שולד און גאָט האָט אָבגעטהאָן די גערעכטיגקייט פון מיר..." און ער האָט געזאָגט: „דער מענש האָט קיין נוצען ניט דערפון, וואָס ער פאָלגט דעם רצון פון גאָט". *)

„לא יסכן גבר ברצותו אם אלהים!" עס לוינט ניט דעם מענשען צו פאָלגען גאָט׳ס געבאָט! אַ־פּנים, אַז דער שטן איז געווען גערעכט: „עור בעד עור". דער מענש איז אַ פעל־הענדלער, וואָס גיט אַ פעל פאַר אַ פעל. ער וועט דיר זיין גוט און פרום אַזוי לאַנג, ווי דאָס לוינט איהם. און וועט אַוועקוואַרפען אַלע זיינע מאָראַלישע אידעאַלען און פּרינציפּען, ווי נאָר ער וועט איינזעהן, אַז זיי האָבען פאַר איהם ניט קיין פּראַקטישען ווערט.

אָבער דער שטן האָט פאָרט געהאַט אַ טעות אין איוב׳ן. מיט דעם אָביעקטיווען שכל דערגאַנגען צו דעם עקסטרעמען אָביעקטיוויזם, וואָס גראָבט אונטער אַלע יסודות פון דער מאָראַל, צו־

*) קאַפּ. ל"ד, 4—9. משפט נבחרה לנו, נדעה בינינו מה טוב, כי אָמר איוב צדקתי ואל הסיר משפטי... כי אָמר לא יסכן גבר ברצותו אם אלהים.

שפּאַלט זיך איוב'ס געדאַנק אין צוויי פערשיידענע שנור־פּערעל, וואָס פלעכטען זיך דערנאָך ווידער אַרום, איינע אַרום דער אַנ־דערער. ער ווייס אויף זיכער, אַז קיין מאָראַל און קיין גערעכ־טיגקייט איז ניטאָ. ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט. און דאָך פיהלט ער, אַז ער, איוב, טראָגט אין זיין אייגענער ברוסט אַן אי־דעאַל פון גערעכטיגקייט, און ער, דער דערשלאָ־גענער, שוין כמעט אין גאַנצען צוטראָטענער וואָרעם, הויבט זיך פלוצלונג אויף אין זיין גאַנצער מענשליכער הויך און פּראָטעס־טירט, פאַר וואָס דער אַלמאַכטיגער גאָט האָט ניט קיין גערעכטיג־קייט, און פאָדערט איהם אַרויס, ער זאָל זיך קומען פערענטפערן פאַר דעם מענשען. ער ווייס, אַז ער שפּיעלט זיך דאָ מיט זיין לעבען. אָבער איוב איז אַ העראָאישע נאַטור. זיין אידעאַל איז איהם טהייערער פאַר זיין גליק. „שווייגט!“ — זאָגט ער צו זיי־נע פריינד — „איך וועל רעדען. זאָל קומען איבער מיר, עס מעג זיין וואָס עס וויל. איך נעהם מיין פלייש אין מיינע צייהנער און מיין לעבען שטעל איך אין קאַן... יע, ער וועט מיך טויטען; דאָ איז ניטאָ וואָס צו האָפען. אָבער מיינע וועגען מוז איך קלאָר מאַכען איהם אין פּנים אַריין“. *)

וואָס פאַר אַ געוואַלטיגע קראַפט! מיט איין שוואונג הויבט ער זיך דאָ אויף צו אַן אונענדליכער הויך. לאָז גאָט זיין, ווי גאָט איז, לאָז די וועלט זיין, ווי די וועלט איז, — איך, איך, דער מענש, איוב, דאָס וואָלקענדעל, וואָס האַלט ביים פערגעהן, איך פאָדער פון גאָט דין וחשבון. איך מוז איהם בעווייזען מיינע וועגען; און ווען אפילו דאָס זאָל מיך קאָסטען דער לעבען, בלייב איך טריי מיין פאָדערונג, טריי מיין מענשליכען אידעאַל, וואָס האָט ליידער קיין שטיצע ניט ערגעץ ניט, ניט אין דער נאַטור, ניט אין דער געזעלשאַפט, ניט ביי גאָט אליין. און זאָל אנטקעגען מיר זיין דער גאַנצער וועלט־אַל, מיט אַלע זיינע מיר פיינדליכע קרעפ־

*) קאַפּ. י"ג. החרישו ממני ואדברה אני, ויעבור עלי מה... אשא בשרי בשני ונפשי אשים בכפי. הן יקטלני לא איחל, אך דרכי אל פניו אוכיח.

**טען, „איך האָב אָנגעהויבען דעם משפּט און איך וויים, אַז איך בלייב גערעכט". *)**

און עפּעס זעלטען שעהנעס און צאַרטעס, אָבער דערביי אויך שטאָהל־און אייזען־שטאַרקעס שפּיעלט זיך דערביי אָב אין איוב'ס נשמה. ער וויים, אַז עס האָט ניט קיין זין צו רופען צו גאָט, ער וויים, אַז גאָט האַלט ניט פון גערעכטיגקייט. אָבער אין האַרצען בענקט ער אַזוי נאָך אַ גערעכטער ליעבעפולער וועלט־קראַפט, און זיין גאַנצע נשמה ציהט זיך צו גאָט אין קינדליכער ליעבע און גע־בעט, ער זאָל אָראָבגעהן, ער זאָל זיך בעווייזען, און זאָל זיך מודה זיין, אַז ער איז אונגערעכט, אַז דער העכערער אמת איז ביי איוב'ן. אָהן אַ ברעקעל פערשטענדיגע לאָגישע קאָנסעקווענץ, געטריעבען נאָר פון דעם אינוועניגסטען אינסטינקט פון יושר, פון אַ קינדישער, צוטרוייליכער ליעבע צו אַן אידעאַלען הערשער פון דער וועלט, זאָגט ער צו זיינע פריינד: „אל אלוה דלפה עיני, ויוכח לגבר עם אלוה": „צו גאָט הויב איך אויף מיינע אויגען פול טרעהרען, זאָל ער בע־שאַפען פאַר דעם מענשען רעכט אַנטקעגען גאָט!". **)

אין זיין גייסטיגער קלעמעניש, אין דעם טראַגישען קאָנפליקט פון זיינע געדאַנקען און געפיהלען פּראָטעסטירט ער און בעט, פאָ־דערט מיט אויגען פול טרעהרען, גאָט זאָל זיך איהם בעווייזען און זיין איוב'ס עדות אנטקעגען זיך אַליין. ער, איוב, קאָן איהם געבען אַ חשבון פון יעדען שריט פון זיין לעבען. ווי אַ פירסט וועט ער אַרויסטרעטען אַנטקעגען איהם. ***)

און גאָט האָט זיך בעוויזען. פון אַ געוויטער־שטורם האָט אַרויסגעדונערט זיין קול. אין צוויי רעדען האָט ער געפיהרט זיין גייסטעס־קאַמפּף אַנטקעגען איוב'ן און נאָך יעדער רעדע האָט ער טריאומפירט איבער איהם.

אין דער ערשטער רעדע שילדערט גאָט זיינע געוואַלטיגע טהאַטען אין דער נאַטור און אין דער בעלעבטער וועלט אַ חוץ דעם מענשען, ווי ער וואָלט געוואָלט בעווייזען, אַז אַ חוץ דעם מענשען

*) ד. ג., 18: הנה נא ערכתי משפט, ידעתי כי אני אצדק.

**) ט"ז, 20—21.

***) ל"א, 37. מספר צעדי אגידנו, כמו נגיד אקרבנו.

האָט ער נאָך אויף אַרבייט גענוג. מיט סאַרקאַזם פרעגט ער אַלע ווײַלע איוב׳ן, אפשר קאָן ער דאָס אויך אַזוי מאַכען, אָדער פערשטעהט ער לכל הפחות, ווי דאָס ווערט געמאַכט? און איוב האָט זיך אונטערגעגעבען. „אמת, איך בין צו קליין. וואָס זאָל איך דיר ענטפערן? איך לעג מיין האַנד אויף מיין מויל. איך האָב דאָס איינמאָל גערעדט און וועל ניט נאָך אַ מאָל רעדען. צוויי מאָל און מעהר טהו איך עס ניט". *)

אין דער צווייטער רעדע, וואָס איז פול מיט דעם זעלביגען שטאָלצען סאַרקאַזם, אַרגומענטירט גאָט, אַז איוב האָט קיין רעכט ניט צו פאָדערן גערעכטיגקייט פון איהם, ווייל ער, איוב, קאָן ניט, ווי גאָט, פערלענדען די רשעים מיט איין בליק און ווייל ער, איוב, האָט ניט קיין מאַכט ניט איבער דעם ניל־פערד, ניט איבער דעם קראָקאָדיל.

און איוב ענטפערט: „איך ווייס, אַז דו קאָנסט אַלץ; אַלץ קאָנסטו אויספיהרען, וואָס אין דיין זין. דעריבער: איך האָב גערעדט, און האָב עס ניט פערשטאַנען, וואונדערליכע זאַכען, וואָס איך האָב ניט געוואוסט. איך האָב געהערט פון דיר נאָר וואָס דאָס אויער קאָן הערען. איצטער אָבער האָט דיך מיין אויג געזעהן. דעריבער פערדריסען מיך מיינע רייד. איך האָב חרטה אין שטויב און אש". **)

לייענט מען גאָט׳ס רעפּליקען, ווערט מען פערוואונדערט פון דער שעהנקייט און פאַרבען־רייכקייט, מיט וועלכער דער דיכטער מאָלט אויס אין דער ערשטער עדע די איינצעלנע נאַטור־ערשיינונגען, אַרויסגעכאַפּט פון אַלע וויכטיגע ממשלות פון דעם וועלטליכען זיין. עס ווערט אויפגעבויט פאַר דעם אויג אַן איינהייטליך בילד פון דער וועלט, וואָס שטייגט אַריבער אין איהר קלאַרקייט און פּראַכט דאָס וועלט־בילד אין „ברכי נפשי". מעהר נישט, דער מענש פעהלט אין איהר אין גאַנצען. די צווייטע האָט נאָך שטאַרקערע נאַטור־סצענען, אָבער פון דיין פאַנטאַסטישע וועזענס, אין וועמעס עקזיסטענץ די אידישע דענקער האָבען געגלויבט. ביידע

*) קאַפּ. מ׳. 3—5.
**) קאַפּ. אב, 1—6.

שירים בעוויזען, ווי שטאַרק דער אידישער גייסט האָט זיך איינ־טערעסירט מיט נאַטור־ערשיינונגען און ווי ווייט מען איז שוין גע־קומען אין דעם פּרט פון ריינע נאַטור־בעשרייבונג. אָבער — נאָך מעהר ווערט מען פערוואונדערט, ווי אָרים עס איז אין לאָגיק גאָט'ס ענטפער אויף איוב'ס טענות. אין דער אמת'ען ענטפערט גאָט גאָר נישט, און ער זאָגט איהם קיין זאַך ניט, וואָס איוב האָט פריהער ניט געוואוסט אין פּרינציפּ. ער שילדערט זיין אַלמאַכט. האָט דען איוב דאָס ווען עס איז געלייקענט? אדרבא; גאָט'ס אַל־מאַכטיגקייט איז דער באָדען, אויף וועלכען עס קאָן ערשט אַרויס־וואַקסען די גרויסע איוב־שאלה וועגען דער גערעכטיגקייט אין נאַ־טור און מענשען־לעבען. ער מאָלט איהם אויס מיסטעריעזע ער־שיינונגען, וואָס זענען אַזוי שווער צו פערשטעהן מיט'ן מענש־ליכען שכל. ער שילדערט איהם דאָס ניל־פערד און דעם קראָ־קאָדיל, וואָס פון זיין מויל רייסען זיך אַרויס פלאַמען און עס שפּריצען פייער־פונקען, וואָס פון זיינע נאָז־לעכער שלאָגט אַ דאַמפּף ווי פון אַ זידענדען טאָפּ, און וועמעס אָטהעם עס צינדט אָן, ווי אַ פייעריגע קויהל. וואָלט גאָט גערעדט צו אַ מאָדערנעם איוב, וואָלט ער אַזעלכע קינדישע זאַכען ניט דערצעהלט. ער וואָלט געקאָנט בעסער אויפמישען אַ בלעטעל פון וועלכער וויסענ־שאַפט איהר ווילט און מיט דעם זעלביגען שטאָלצען סאַרקאַזם פרעגען, צ. ב., אין איינעם מיט ספּענסער'ן: „פערשטעהסטו, מענש, ווי אַזוי אַ מאַטעמאַטישער געזעץ איז מעגליך? האָסטו אַ השגה, וואָס אַזוינס איז דער רוים? קאָנסטו בעגרייפען בעווע־גונג? קאָנסטו פערשטעהן, ווי אַזוי עס ווערט געבאָרען בעוואוסט־זיין?" מיט די אַלע פראַגען און מיט טויזענדער אַנדערע וואָלט גאָט צוגעשפּאַרט צום וואַנד און שטאַרק פערשעהמט דעם גרעס־טען געלערנטען און דעם טיעפסטען דענקער.

אָבער — וואָס האָט דאָס פאַר אַ שייכות צו איוב'ס טענות? האָט דען איוב אַליין זיך ניט בעקלאָגט, וואָס די חכמה איז פער־באָרגען פון דעם מענשען? איז — וואָס האָט איהם גאָט דאָ אַזוינס געזאָגט, וואָס ער איז מיט אַ מאָל מטושטש געוואָרען, וואָס זיין גאַנצער געוואַלטיגער גייסט איז מיט אַ מאָל צונויפגעבראָכען געוואָרען און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אין שטויב און אַש?

נאָך מיין מיינונג נאָך קאָן מען געבען דערויף נאָר איין־איינציגע דערקלעהרונג: מיט איוב'ן האָט פּאַסירט דאָס, וואָס קומט אַ מאָל פאָר מיט גאָר גרויסע און שטאַרקע גאָט־שטורעמער, וועמעס נשמה איז פול מיט אויפרודערנדע שאלות. עס בעווייזט זיך זיי גאָט, אָדער זיי גלויבען באמונה שלמה, אז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו זיי, זיי דערשפירען זיין עקזיסטענץ אין זיך גופא, זיי הערען זיין שטים קלינגען אין דער אייגענער ברוסט, און מיט אַ מאָל שטאַרבען אָב אַלע פראַגען. אַזאַ פאַל האָט, צ. ב., נאָך גאָר ניט לאַנג פּאַסירט מיט טאָלסטאָי'ען. לאַניש פערענטפערט זיין נייער גלויבען קיין איין איינציגע פראַגע ניט, וואָס ער האָט זיך פריהער געשטעלט אין דער צייט פון פערצווייפלונג. אָבער פּסיכאָלאָגיש זיינען אַלע יענע פראַגען פערשוואונדען, ווי נאָר ער האָט דערשפירט אַ פונק פון דעם געטליכען זיין אין זיך. פאַר איינע האָט דער דאָזיגער אינטערעסאַנטער פּראָצעס אַ מיסטישע בעדייטונג; זיי גלויבען באמת, אז אין אַזעלכע פעלען פאַלט פאַר־נאַנדער די שייד־וואַנד צווישען מענש און גאָט. פאַר אַנדערע איז דאָס ניט מעהר ווי אַ ריין פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס: אַ דמיון אין דעם מענשען, זיין אייגענער זיך־אָבנאַרען. אָבער איינס איז זיכער, און לויט דער רייכער ערפאַהרונג, וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען אויף דעם פעלד, מוזען אַלע צוגעבען, אז דער מענש, וואָס לעבט דורך דעם דאָזיגען פּראָצעס פון שטעהן פּנים־אל־פּנים מיט גאָט, ווערט אינוועניג אין גאַנצען פערוואַנדעלט. זיין געפיהלס־וועלט בעקומט פלוצלונג אַן אַנדער געשטאַלט. די חושך־וואָל־קענס ווערען פערטריבען. אַ געפיהל פון אונענדליכען צוטרוי צו דער וועלט און דעם געטליכען פיהר וואַקסט אויס אין דער נשמה און פון די טויזענדער שאלות, די הונגעריגע וועלף מיט די ברענענדיגע אויגען, לאַכט מען זיך אויס און זיי פערשווינדען פון דער נשמה. ס'איז אַקוראַט ווי אַ קינד, פערוואָגעלט אַליין ביי דער נאַכט אין אַ געדיכטען וואַלד, צואוואונדעט פון די דערנער, צושראָקען פון די געשפּענסטער וואָס ער זעהט פון יעדען בוים, פון יעדען צווייג, וואַלט פלוצלונג דערהערט די טריט און די שטים פון זיין פאָטער, דערשפּירט, ווי ער נעהמט איהם אויף זיינע הענד און טראָגט איהם מיט זיך. ווער הערט זיך יעמאָלט איין אין די

מוסר־רייד פון דעם פאָטער, און וואָס איז די נפקא מיניה, וואָס ס׳איז געווען, — אַבי מען איז נאָהענט צו דעם פאָטער׳ס ברוסט...

דאָס איז אויך געווים געווען די פּסיכאָלאָגיע פון איוב׳ן. „פריהער האָב איך נאָר געהערט פון דיר, איצטער זעהט דיך מיין אויג!“ — און אַ סוף צו אַלע שאלות. פאַר *איוב׳ן* איז דאָס פּראָבלעם פון זיין ליידען פערענטפערט געוואָרען אויף אַ ריין־סוביעקטיווען, מיסטישען אָדער פּסיכאָלאָגישען וועג.

אָבער קאָן דאָס זיין אַן ענטפער פאַר אונז?

געווים, מיין איך דאָ ניט די פון אונז, וואָס זענען זיכער, אַז קיין גייסטיגער וועלט־פּרינציפּ איז במציאות ניטאָ, אַז אַלץ שפּיעלט זיך אָב לויט בלינדע נאַטור־קרעפטען, ד. ה. אין לעצטער ליניע, דורך אַ פּשוט׳ען צופאַל. איהר קאָנט ניט פרעגען ביי די מחנות מיקראָבען, *פאַר וואָס׳ערע* זינד מיינע זענען זיי אָנגעפאַלען אויף מיין קינד, וואָס זיי האָבען צו איהם אָדער צו מיר געהאַט און פאַר וואָס זיי האָבען איהם געטויט? פאַקטען! געזעצען! אַ שטומע, טויבע, טויטע נאַטור! — פאַר די וואָס גלויבען אַזוי, עקזיסטירט ניט די איוב־שאלה, דאַרפען זיי ניט קיין ענטפער אויף איהר.

אָבער פאַרהאַן אַ סך צווישען אונז, וועמען דער קריטישער געדאַנק פון אונזער צייט האָט אויפגעוועקט פון דעם שווערען קאָשמאַר, וואָס האָט געדריקט אויף דעם שכל אין דער פאָרם פון דעם *גלויבען* אין אַ שטומע, טויבע, טויטע נאַטור!

עס איז בעוויזען געוואָרען די מעגליכקייט, מיט נאָך מעהר רעכט צו *גלויבען* אין אַ גייסטיגען פּרינציפּ פאַר דעם אַלגעמיינעם וועלט־פּראָצעס, איידער אין דער טויטער מאַטעריע, און דער מעטאַפיזישער כח הדמיון האָט ווידער גענומען וועבען פאַר אונזער דור זיין געוועב פון פאַנטאַסטישע לבנה־שטראַהלען. און מיט די נייע בילדער, די נייע מעגליכקייטען זענען אויסגעוואַקסען אויך די אַלטע, אייביג יונגע פּראָבלעמען און צווישען זיי דער צענטראַל־פּונקט פון דער איוב־טראַגעדיע: *וואָס איז דער זין פון דעם מענשליכען ליידען?*

קיינער האָט אַזוי שעהן ניט אַוועקגעשטעלט דאָס פּראָבלעם,

ווי דער מחבר פון איוב, אָבער קיין ענטפער דערויף האָט ער ניט געגעבען.

אויך די פּאָר קאַפּיטלען פון אליהו׳ס אַרגומענטען, וואָס זענען אַריינגעשטעלט געוואָרען שפּעטער, צווישען איוב׳ס רייד און גאָט׳ס ענטפער, לאָזען אונז אומבעפריעדיגט, ווען אפילו עס וואַרפען זיך דורך אין זיינע ווערטער אַ סך עכטע פּערעל פון אַ טיעפען, אָריגינעלען פילאָסאָפישען דענקען.

אזוי זאָגט ער אַרויס, צ. ב., אין דער פראַגע פון דער מענש־ליכער מאָראַל אַ טיעפען און פּראָגרעסיווען געדאַנק פאַר זיין צייט, אַז די פרומקייט איז ניט פאַר גאָט, און אַז גאָט נויטיגט זיך ניט אפילו אין דעם צאַרטעסטען האַרץ־גלויבען פון דעם מענשען. די פרומקייט, ד. ה. די עדעלע אַרט צו דענקען, פיהלען און האַנדלען, דאַרף דער מענש פאַר זיך אַליין, פאַר זיין לעבען צווישען די מענ־שען. *) דאָס איז דער ערשטער שריט אויף דעם וועג פון פאַנאַנ־דערשמיעדען די היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג פון מאָראַל און רעליגיאָן, פאָר וועלכער אויך איוב איז געבליעבען שטעהן.

אליהו גיט אויך אָן אָנצוהערעניש, אויב איך האָב איהם ריכ־טיג פערשטאַנען, אַז די סאָציאַלע גערעכטיגקייט קאָן ניט אַריינ־געפיהרט ווערען אין לעבען דורך תפילות צו גאָט און דורך טענות וועגען זיין פיהר. צו וואָס שרייען צו גאָט? לערנט זיך, ווי דאָס טהוט דאָס פיה פון פעלד און די פויגעל פון הימעל, — ד. ה. שאַפט אייך מיט אייגענער מאַכט אייער גערעכטיגקייט! **)

אויך אויף דעם פּראָבלעם פון ליידען וואַרפט ער אַ סך איג־טערעסאַנטע שטרייפען פון ליכט־שיין. גאַנץ אָריגינעל פאַר זיין צייט איז דער געדאַנק, אַז דורך ליידען ווערט דער עלענדער אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף זיין לאַגע און ווערט בעוואוסטזיניג אין זיין עלענד. „ער לייזט אויס", זאָגט ער וועגען גאָט, „דעם עלענ־דען דורך זיין עלענד, און עפענט אויף זייער אויער דורך די בע־

---

*) קאפּ. ל"ה, 7—8. אם צדקת מה תתן לו, או מה מידך יקח. לאיש כמוך רשעך ולבן אדם צדקתך.

**) מרוב עשוקים יזעיקו, ישועו מזרוע רבים... מלפנו מבהמות ארץ ומעוף השמים יחכמנו; ד. ג., 9 און 11.

דריקונג".*) עס קלינגט כמעט ווי אַ טהעזע פון קאַרל מאַרקס, אַז דער עלענד איז אַ רעוואָליוציאָנערער פאַקטאָר און אַז, אַ דאַנק זיין עלענד, קומט דאָס פּראָלעטאַריאַט צו זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין.

און נאָך אַ שטעל קאָנען מיר אָנפיהרען דאָ, וואו ער בעריהרט די פּעדאַגאָגישע, די לייטערנדע מאַכט פון ליידען. „היט דיך", זאָגט ער צו איוב'ן, „קעהר זיך ניט צו צו בייז, וויל צו דעם האָסטו מעהר לוסט, איידער צום ליידען. זעה, גאָט איז ערהאַבען אין זיין קראַפט און ווער איז נאָך אַזאַ לעהרער ווי ער?"**) אַ גוטע פּאָרציע איוב־ליידען ברעכט דעם ווילען צו בייז, ציהט אַרויס פון דער נשמה אַלע איהרע ניעדעריגע, פערהאַרטעוועטע, מגושם'דיגע עלעמענטען. זי ווערט פון דעם לייטערונגס־פייער פאַנאַנדערגע־צויגענער, גרעסער און ריינער, און קאָן אין איהר אייביג וואַכען, צאַרטען וויברירען מיט־פיהלען מיט אַלץ, וואָס איז גרויס און שעהן אין דער וועלט.

אָבער אויך דאָ איז דאָס פּראָבלעם פון ליידען ניט דורכגע־טראַכט ביז צום סוף, ניט בעלויכטען פון אַלע זייטען.

עס קאָן ניט זיין מיין אויפגאַבע אָבצושטעלען זיך דאָ אויף דער גרויסער און טיעפער שאלה וועגען דעם זין פון די מענשליכע ליידען, וואָס אויף איהר, ווי איהר ווייסט, האָבען גראָד די טיעף־פיהלענדע דענקער פון אונזער צייט, — ניעטצשע, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי און אַנדערע, — פערווענדט אַזוי פיעל גייסטעס־קראַפט. דעם גאַנצען אמת וועגען דעם וועל איך אייך סיי־ווי־סיי ניט אויסזאָגען, ווייל דאָס איז נאָך דערווייל אַ סוד און — — — הלואי ווייס איך איהם, ווי איך וואָלט איהם ניט בעהאַלטען פון אייך!

אָבער איין שטריך פון יענעם אמת קאָן איך דאָ, צו דעם סוף פון דער פאָרלעזונג, ניט פערשווייגען.

די איוב־לעגענדע, אין פּראָזאַ, דערצעהלט, אַז נאָך דעם, ווי ער האָט זיך וויעדער אויסגעאיינט מיט גאָט, האָט איהם דער אַל־

---

*) קאַפּ. ל"ו, יחלץ עני בעניו ויגל בלחץ אזנם.

**) ד. ג., 21—22, אַ ביסעל וועניגער קלאָר אויך אין ל"ח, 16-28.

מאַכטיגער אומגעקעהרט אַלע זיינע רייכטהימער, טאָפּעל, ווי ער האָט געהאַט פריהער, — אָקסען און שעפּסען, און זיהן און טעכ־טער, — און איוב האָט נאָך געלעבט אין עושר און אין כבוד הונ־דערט און פערציג יאָהר. „און איוב איז געשטאָרבען אַלט און זאַט אין טעג“.

ווי וואָלט געווען, ווען איינער זאָל צוגעהן צו איהם אין די טעג פון זיין צווייטען גליק און גלאַנץ און וואָלט צו איהם אַזוי געזאָגט:

„איוב, געדענקסטו נאָך די צייט פון דיינע אונענדליכע ליי־דען, ווען „די נאַכט“, ווי דו האָסט געקלאָגט, „האָט געעגבערט אין דיין געביין“, ווען „די פיילען פון דעם אַלמאַכטיגען האָבען גע־שטעקט אין דיר און זייער ברענענדיגען גיפט האָט איינגעזויגען דיין גייסט“? וואָלסטו איצטער, אַ גליקליכער, געוואָלט, אַז דאָס אַלץ זאָל מיט דיר ניט האָבען פּאַסירט? אַז דו זאָלסט ניט האָבען געשטאַנען אויף דעם לעצטען ראַנד פון פערצווייפלונג, ניט האָבען אַריינגעבליקט אין דעם אמת וועגען דעם מענשליכען גורל, ניט האָבען דורכגעלעבט דעם דאָרשט נאָך דערקענטניס, די בענקשאַפט נאָכ׳ן לעבען און די בענקשאַפט נאָכ׳ן טויט, דעם פּראָטעסט אַנט־קעגען גאָט און די ערשטע זעהונג פון אַ העכערען אידעאַל, דעם יאוש פון דעם וואָרעם און דעם געטליכען שטאָלץ? וואָלסטו גע־וואָלט, דאָס זאָל אין גאַנצען זיין ניט געשעהן?“

וואָס וואָלט איוב אויף דערויף געענטפערט?

איך גלויב, ביי קיינעם פון אייך איז קיין ברעקעל ספק ניט, אַז איוב וואָלט געענטפערט מיט אַ קרעפטיגען: „אַ, ניין!“ „די עראינערונג פון מיינע יסורים“, וואָלט ער געזאָגט, „געהערען צו דעם טהייערסטען שאַץ פון מיין אייגענעם גייסטיגען אוצר. האָב איך דען יעמאָלט אַליין ניט געבענקט, אַז מיינע רייד זאָלען פערשריע־בען ווערען אויף אייביג אין אַ בוך? און אויב די עראינערונג פון יענע טעג וואָלט אויסגעלאָשען געוואָרען פון מיין זכרון, בין איך מיט׳ן גאַנצען הארצען אַנגעגרייט, מען זאָל מיך ווידער אַריינוואַרפען אין דעם תהום פון יענע ערהאַבענע ליידען, און וועלכע איך זאָל לגמרי פערגעסען דאָס גליק, וואָס רינגעלט מיך אַרום“.

ליידען צו ליידען זענען ניט גלייך. פאַרהאַנען ליידען, וואָס זייער אינווענינגסטער תוך איז אַזוי רייך אין געדאַנקען און טיפע איבערלעבונגען, אַז דער גייסט, וואָס האָט נאָר איינמאָל איינגע־זויגען זייער „ברענענדיגען" געטליכען „גיפט", וועט די עראינגע־רונג וועגען זיי און אַפּטמאָל אויך זיי גופא ניט וועלען אַוועקגעבען פאַר די טהייערסטע און ליכטיגסטע מאָמענטען פון דעם מענש־ליכען גליק.

און אַ מענש צו אַ מענשען איז ניט גלייך. ס'זענען דאָ אַזעלכע מענשען, ביי וועמען דער גייסט איז טעמפּ און די געטליכע פּיילען זיצען ניט אין גייסט נאָר אין זיין אונטערלייב און ער ווענדט זיך, ווי אַ וואָרים אין שטויב, און מעהר גאָר נישט: זיין בליק ווערט ניט שאַרפער, זיין נשמה פון דעם לייטערונגס־פייער ניט פאַנאַנדערגעצויגענער, גרעסער און צאַרטער, און זי געהט אַרויס פון דעם נסיון אפשר נאָך מעהר צונויפגעשרומפּט, ווי געווען. אויף אַזעלכע מענשען האָט מיינער אַ פריינד געזאָגט, אַז „זיי האָבען געליטען א ו מ ז י ס ט". דאָס הייסט: אומזיסט איז אויף זיי איבערגעפיהרט געוואָרען אַזאַ מאַסע פון דער קאָסטבאַרער יסורים־סובסטאַנץ.

אָבער איוב האָט געליטען ניט „אומזיסט". ניט אומזיסט פאַר זיך און ניט אומזיסט פאַר דער מענשהייט. ניט אומזיסט פאַר זיך, ווייל דעם ברענענדען גיפט פון זיינע ליידען האָט גע־זויגען זיין ג י י ס ט, און ער איז אַרויס פון דעם פייער דורכגע־גליהט און קלאָר ווי די מאַסען זאַמד אין סאַלפּעטער, וואָס ווערען פערוואַנדעלט אין דעם שמעלץ־אויווען אין דעם בעסטען קריסטאַל.

און ניט אומזיסט פאַר דער מענשהייט, ווייל וואָלט איוב ניט געהאַט דורכצושטעהן זיינע יסורים, — אָדער וואָלט ניט געווען אַזאַ דיכטער, וואָס האָט געקאָנט אין גאַנצען דורכלעבען זיי אין זיין גייסט, וואָלט די מענשהייט איצטער ניט געהאַט דעם אייביג־יונגען ספר — איוב, „איינס פון די געוואַלטיגסטע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור".

# דר. חיים זשיטלאָווסקיס געזאַמעלטע שריפטען
# אין 4 בענד

## אינהאַלט פון ערשטען באַנד:

1) טאָלסטאָי, ניעטצשע און קאַרל מאַרקס.
2) וועגען לעאָניד אַנדרעיעוו׳ס „אַנאַטעמאַ“.
3) מעטערלינק׳ס „בלאָהער פויגעל“.
4) איוב, אַ פּאָעמא פון דעם אידישען פרייען געדאַנק.

## אינהאַלט פון צווייטען באַנד:

1) צוויי פאָרלעזונגען וועגען דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַ־טעריאַליזם.
ערשטע פאָרלעזונג: די מאַטעריאַליסטישע נאַטור־פילאָסאָפיע און ערקענטניס־טעאָריע.
צווייטע פאָרלעזונג: די קריטיק פון דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם.
2) צוויי פאָרלעזונגען וועגען איד און מענש.
3) צוויי פאָרלעזונגען וועגען דער צוקונפט פון די פעלקער אין אַמעריקא.
ערשטע פאָרלעזונג: דער „מעלטינג פאַט“.
צווייטע פאָרלעזונג: די פעראייניגטע פעלקער פון די פער־אייניגטע שטאַאַטען.

## אינהאַלט פון דריטען באַנד:

1) דער פּראָגראַם און די ציעלען פון דער מאָנאַטשריפט „דאָס נייע לעבען“.
2) היסטאָרישע אידעען־פערבינדונגען.
3) די געשיכטס־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל.
4) משה העסס — דער סאָציאַליסט, דער פילאָסאָף, דער איד.
5) דר. מאַקס נאָרדוי און דער פּאָליטישער ציוניזם.

## אינהאַלט פון פיערטען באַנד:

1) נאַציאָנאַליטעט און פּראָגרעס.
2) אידישע גאונים.
3) צו דער טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט.
4) וועגען פעראייניגונג.
ערשטער אַרטיקעל: בונדיזם און ציוניזם.
צווייטער אַרטיקעל: אַן אָפּענער בריעף צו די פּועלי ציון אין אַמעריקא.
5) דער נייער פּראָגראַם פון דער „פעראייניגונגס“־פּאַרטיי:
ערשטער אַרטיקעל: ציוניזם און סאָציאַליזם.
צווייטער אַרטיקעל: דער „בונדיזם“.
דריטער אַרטיקעל: דער טעריטאָריאַליזם און דער פעראייני־גונגס־פּראָגראַם.
6) די אידישע שפּראַך־בעוועגונג און די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ.
7) אידיש און העברעאיש.
8) די אידישע קולטור און די אידישע שפּראַך.
9) רעליגיע און נאַציע.
10) טויט און ווידערגעבורט פון געטער און רעליגיאָנען.
11) די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע.

---

**פּרייז פון אַלע פיער בענדער, שעהן געבונדען $3.50.**
**צו קריגען ביי אַלע בוכהענדלער**